№ 46.

ד. סיעדאי.

# די ארבייטער־בעוועגונג אין ענגלאנד.

איבערזעצט פון רוסיש דורך י. ראטהויזער.

פרייז 30 קאפ׳

ווילנא — 1906
ביכער־פערלאג „די וועלט“.





# קאטאלאג

פון ביכער־פערלאג

## „די וועלט“ ווילנא.

| סאנטים | פפעניג | פעני | סענט | קאפ | |
|---|---|---|---|---|---|
| 125 | 100 | 12½ | 25 | 25 | 1) עדואַרד בעלאַמי. איבער הונדערט יאָהר |
| 10 | 8 | 1 | 2 | 2 | 2) דוד פינסקי. יום כפור; ה. נאָמבערג. מען וועקט |
| 30 | 24 | 3 | 6 | 6 | 3) ** ערצעהלונגען פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע |
| 10 | 8 | 1 | 2 | 2 | 4) לעווין. אין א פינסטערע נאַכט |
| 20 | 16 | 2 | 4 | 4 | 5) ** דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזם |
| 60 | 48 | 6 | 12 | 12 | 6) דוד פינסקי. פאמיליע צבי |
| 35 | 28 | 3½ | 7 | 7 | 7) יושקעוויטש. חענען וואַהל-רעכט |
| 150 | 120 | 15 | 30 | 30 | 8) ק. קאוטסקי. ערפורטער פראָגראַם. אין 6 העפטען, יעדעס העפט 5 קאפ דאס גאנצע בוך |
| 25 | 20 | 2½ | 5 | 5 | 9) שיפעל. די עקאָנאָמישע איבערקערהעניש און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע |
| 10 | 8 | 1 | 2 | 2 | 10) פאָל עזי. צדקה |
| 50 | 40 | 5 | 10 | 10 | 11) פּאָל לאַפאַרג. די רעליגיאָן פון קאפיטאַל |
| 30 | 24 | 3 | 6 | 6 | 12) ק. קאוטסקי. קאָנסום-פעראַיינען |
| 30 | 24 | 3 | 6 | 6 | 13) פ. לאַסאַל. מאַכט און רעכט, (עיקר פון קאָנסטיטוציע) |
| 40 | 32 | 4 | 8 | 8 | 14) די אַרבייטער און די געזעלשאַפטליכע קלאַסען. (אַרבייטער פראָגראַם) |
| 50 | 40 | 5 | 10 | 10 | 15) ק. קאוטסקי. פרידריך ענגעלס, (ביאָגראַפיע) |
| 50 | 40 | 5 | 10 | 10 | 16) ** די מעשה פון פיער ברידער |
| 5 | 4 | ½ | 1 | 1 | 17) דוד פינסקי. הײמישע יונגע לײט |
| 75 | 60 | 7½ | 15 | 15 | 18) ק. קאוטסקי. די סאָציאַלע איבערקערעניש |
| 15 | 12 | 1½ | 3 | 3 | 19) אַרנו. די קרבנות פון דער קאָמונע |
| 50 | 40 | 5 | 10 | 10 | 20) ** צו דער געשיכטע פון דער בעלגישער אַרבייטער בעוועגונג |
| 60 | 48 | 6 | 12 | 12 | 21) פּרץ הירשביין. וויטע און נאָהענטע בילדער, 4 אקטען |
| 150 | 120 | 15 | 30 | 30 | 22) נעמאַנסקי. די פאַריזער קאָמונע |

ביכער=פערלאַג „די וועלט“.

ד. סיעדאי.

# די ארבייטער-בעוועגונג אין ענגלאנד.

איבערזעצט פון רוסיש דורך י. ראטהויזער.



ווילנא–1906
דרוקעריי וויטווע און געברידער ראם.

Рабочее движеніе въ Англіи.

Переводъ съ русскаго.

## .I

## דֶער אָנְפַאנְג פוּן דֶער גְרוֹיס־אִינְדוּסְטְרִיֶע.

אִין אָנפאַנג פוּן XVIII–טֶען יאָהרהוּנדֶערט אִיז דִי זֶעלבּסטשטֶענדִיגקַייט פוּן דעֶר קלֵיינֶער האַנדוועֶרקעֶרַיי צוּשטֶערט אוּן פֶערנִיכטֶעט גֶעוואָרֶען דוּרךְ דעֶם אוּנגֶעהֹויעֶרֶען וואוּקס פוּן גרוֹיסֶען האַנדֶעלס־קאַפִּיטאַל.

דִי זֶעלבּסטשטֶענדִיגקַייט אוּן זִיכֶערהַייט פוּן קלֵיינֶעם האַנדווערקֶערס לאַגֶע האָט גֶעשטאַמט דֶערפוּן, וואָס דעֶר האַנדוועֶרקעֶר האָט גֶעאַרבַּייט פאַר בֶּעשטעֶלעֶר אוּן נִיט פאַר'ן מאַרק. בִּיסלֶעכווַייז האָט זִיךְ אָבֶער דִי לאַגֶע אָנגֶעהֹויבֶּען עֶנדערֶען. עֶס האָבֶּען זִיךְ אָנגֶעהֹויבֶּען עֶנטווִיקלֶען בּרַייטֶע האַנדֶעלס־אוֹיפטראַגֶען נִיט נאָר צווִישען בֶּעזוֹנדֶערֶע אִינדוּסטרִיֶע־צֶענטרֶען פוּן עֶנגלאַנד, נאָר אוֹיךְ צווישֶען עֶנגלאַנד אוּן גאַנץ אוֹיראָפּאַ. עֶס האָט זִיךְ גֶעבִּילדֶעט אַ בֶּעדַייטֶענדֶע גרוּפּפֶּע האַנדוועֶרקֶער, וועֶלכֶע האָבֶּען שוֹין גֶעאַרבַּייט נִיט פאַר בֶּעשטעֶלעֶר נאָר פאַר דִי ווַייטֶע מֶערק, וואָס האָבֶּען זִיךְ גֶעעֶפֶענט אַדאַנק דעֶר האַנדֶעלס־עֶנטווִיקלוּנג. פעֶרשטֶעהט זִיךְ, אַז דִי קלֵיינֶע האַנדוועֶרקעֶר זעֶנֶען נִיט בּכח זֶעלבּסטשטֶענדִיג אַוועֶקצוּפִיהרֶען זֵייעֶרֶע פּראָדוּקטֶען אִין דִי ווַייטֶע דַייטשֶע אָדֶער פראַנצוֹיזִישֶע האַנדֶעלס־שטֶעדט. צווישֶען זֵיי אוּן דִי ווַייטֶע אוֹיסלֶענדִישֶע מֶערק האָט גֶעמוּזט זַיין אַ פֶערמִיטלֶער. דאָס אִיז גֶעוואָרֶען דעֶר גרוֹיסֶער קאַפִּיטאַלִיסט, דעֶר אוֹיפקוֹיפעֶר. אוֹיף אַזאַ אוֹפן האָט צווִישֶען דעֶם האַנדוועֶרקעֶר אוּן פעֶרבּרוֹיכעֶר אַרַיינגֶעדרוּנגֶען אַ קלאַס פעֶרמִיטלֶער, סוֹחרים.

ווִיבּאַלד ס'אִיז פאָרגֶעקוּמֶען אָט דִיזֶע עֶנדעֶרוּנג, האָט דער האַנדוועֶרקֶער, פעֶרשט עֶהט זִיךְ געֶמוּזט פעֶרלִירֶען אַ טַייל פוּן זַיין זֶעלבּסטשטֶענדִיגקַייט. דִי בֶּעצִיהוּנגֶען פוּן אוֹיפקוֹיפעֶר צוּ דעֶם פּראָדוּצעֶנט אַלֵיין זעֶנעֶן דִיזֶעלבֶּע, ווִי פוּן אַנ' עֶקספּלוּאַטאַטאָר צוּם עֶקספּלוּאַטִירטֶען: פוּן הַיינט אָן בֶּעקוּמט שוֹין נִיט דעֶר האַנדוועֶרקעֶר

דעם גאנצען ווערטה פון זיינע פראָדוקטען, נאָר אַ טייל פון איהם. די שמאַנט נעמט אַראָב דער סוחר פאַר זיך. דאָס איז זיין האַנדעלס ריוח.

דער פאָלקאָמער אונטערגאַנג פון דער מיטעל־אַלטערליכער האַנדווערקעריי האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם מאָמענט, ווען נעבען דעם קליין־בעטריעב איז אויסגעוואַקסען די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע. אין ענגלאַנד איז דער פּראָצעס פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגענדען אופן.

אין XIV–טען אונד אין XV–טען יאָהרהונדערט האָט זיך די ענגלישע וואָל־אינדוסטריע שטאַרק ענטוויקעלט; די ענגלישע געוואַנד האָט ניט געהאַט קיין שום קאָנקורענט אויף די אייראָפּעאישע מערק. אַדאַנק דער פערגרעסערטער נאָכפראַגע, איז דער פּרייז פון וואָל געשטיגען אַזוי הויך, אַז די ערדאייגענטימער האָט אַסך מעהר געלוינט צו האָדעווען שעפּסען איידער זייען תבואה. די ענגלישע לאָרדען האָבען טאַקע אָנגעהויבען פערקלענערען זייער אַקער־פעלד אין מאַכען פון זיי לאָנקעס פאַר די שעפּסען. זיך יאָגענדיג נאָך ריוח, האָבען די ענגלישע גוטהערציגע לאָרדען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבגעשטעלט. זיי האָבען אַראָבגעיאָגט זייערע אַרענדאַטאָרס פון די שטיקלעך ערד, אויף וועלכע זיי האָבען שוין אַזוי לאַנג געוואָהנט, זיי האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען כדי צו־צונעמען ביי די שכנישע פּויערים זייער ערדפערמעגען. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען, אַז אַ גרויסער שטח בעאַרבייטע פעלדער, וועלכע זענען געווען געדיכט בעפעלקערט מיט פּויע־רים, זענען פערוויסטעט געוואָרען. די מענשען זענען פערשוואונדען געוואָרען און זייער אָרט האָבען פערנומען די שעפּסען. „די פרידע־ליכע שעפּסען", שרייבט איינער פון יענער צייט, „זענען געוואָרען ווילדע חיות, וועלכע פרעסען אויף די ענגלישע בעפעלקערונג",

וואוהין זשע איז אַהינגעקומען די אַ־ויסגעיאָגטע דאָרפישע בעפעלקערונג? פערשטעהט זיך, אַז פאַר איהר איז נאָר געבליבען דריי וועגען: 1) שטאַרבען פאַר הונגער, 2) ווערען נע ונד, לעבען פון נדבות, גנבות, אין גזלות, אָדער 3) פערקויפען די ביסעל כח דעם קאַפּיטאַליסט, אַלס לוין־אַרבייטער. דער ערשטער אויס־וועג איז, פערשטעהט זיך, ניט אַזוי צוציהענד. וואָס אָנבעלאַנגט דעם אַנדערען וועג, האָבען אָבער די גרויזאַמע פערפאָלגונגען

פון דער רעגירונג, די טויזע-דער טויט־שטראָפען גיך אָבגענומען דעם חשק פון די פערוואָגעלטע פויערים צו זוכען אויף דעם אופן ברויט. הייסט דאָס, אַז זיי איז נאָר געבליעבען איין וועג, זוכען אַ פערדינסט, אַלס לוין-אַרבייטער. און ווירקליך, אַלע ענגלישע אינדוסטריעלע צענטרען זענען געוואָרען איבערגעפיהלט מיט הונגע־ריגע מענשען, וועלכע האָבען פאָרגעלייגט זייער אַרבייטסקראַפט פאַר דעם ניעדעריגסטען פרייז. פערשטעהט זיך, אַז די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, די סוחרים, האָבען זיך גלייך בענוצט מיט אַזעלכע גינסטיגע אומשטענדען. אַנשטאַט אויפצוקויפען סחורה ביי דעם קלײנעם האַנדווערקער, האָבען אַ סך אָנגעהויבען צו גרינדען אייגענע ווערקשטאַטען, בענוצענדיג זיך מיט דער שלעכטער בילי־גער אַרבייטסקראַפט פון דער אַרויסגעיאָגטער, אַרבייטסלאָזער אַרמעע. אויף אַזאַ אופן איז צוזאַמען מיט די קלײנע ווערקשטאַטען אויסגע־וואַקסען גרויסע אונטערנעהמונגען פון די קאַפּיטאַליסטען—די מאַנופאַקטור (וואו מען האָט נאָך אַלץ געאַרבייט אָהן מאַשינען).

די קאָנקורענץ פון גרויסען קאַפּיטאַל האָט שטאַרק פאַרער־גערט די לאַגע פון דער האַנדווערק. צוליעב דעם, וואָס דער אַרבייטס-לוין איז געוועזען אַזוי קלײן און די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט אין די גרויסע אונטערנעהמונגען איז געוועזען פיל גרע־סער, האָבען די קאַפּיטאַליסטען געקענט פערקויפען זייערע פּראָ־דוקטען אַסך ביליגער איידער די האַנדווערקער. צווישען די האַנד־ווערקער און די קאַפּיטאַליסטען ברעכט אויס אַ קאַמפּף: די האַנדווערקער פאָדערען מען זאָל בעגרענצען דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל; די קאַפּיטאַליסטען פאָדערען מען זאָל געבען דער אינ־דוסטריע פאָלע פרייהייט. נאָר אַזוי ווי די האַנדווערקער זענען נאָך דאַמאָלס געוועזען אַ וויכטיגע געזעלשאַפטליכע קראַפט, איז זיי כמעט איבעראַל געלונגען מנצח זיין אין דעם קאַמפּף: עליזאַ־וועטע'ס געזעץ פון 1562 אין ענגלאַנד אונד אַ גאַנצע רייהע בעש־טימונגען אין אַנדערע לענדער האָבען פערבאָטען צו גרינדען גרויסע אונטערנעהמונגען אין די ערטער, וואו עס איז דאָ די האַנדווערקס־צעכען. באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער נצחון איז געוועזען ניט קיין ווירקליכער. אמת טאַקע אַז די קאַפּיטאַליסטען האָבען נישט געקענט גרינדען מאַנופאַקטורען אין די שטעדט, וואו עס האָבען עקזיסטירט די צעכען, נאָר קיינער האָט זיי אָבער ניט

געשטערט גרינדען זייערע אונטערנעהמונגען אין די דערפער, קלײנע שטעדטלעך, וואו קיין צעך־האנדווערקער זענען ניט געווען. און אפילו אין די גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען איז אויך נאר געוועזען פערבאטען איינארדענען גרויסע אונטערנעהמונגען אויף דעם שטח פון שטאדט; הינטערן שטאדט און אפילו נעבען איהר האבען די קאפיטאליסטען געהאט די פאלקאמע מעגליכקייט צו גרינדען מאנו־פאקטורען. די קאפיטאליסטען האבען טאקע אויסגענוצט אט די אלע מיטלען.

קלײנע דערפלעך זענען געווארען גרויסע מיטעל־פינקטען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן. זייערע קאנקורענטען — די צענטרען פון דער צעכען־האנדווערקער־פראדוקציאן זענען געווארען פערוויסט. וויטער אזעלכע שטעדט, ווי לאנדאן אין ענגלאנד, פאריז אין פראנקרייך, וועלכע האבען געשפיעלט זעהר א וויכטיגע ראלע אין האנדעל, זענען געווארען ארומגעצוימט מיט א גאנצער רייהע זאגענאנטע פארשטעדט. די פארשטעדט, זיך געפינענדיג הינטערן שטאדט, זענען געוועזען פריי פון די צעך־סטאטוטען, און זיי זענען טאקע געוועזען איבערגעפילט מיט גרויסע אינדוסטריעלע איינריכטונגען. די בעפעלקערונג פון אט די פארשטעדט זענען בעשטאנען כמעט בלויז פון לוין־ארבייטער.

אויף וויפיעל עס האט זיך פערגרעסערט די גרויסע אינדוס־טריע, אויף אזויפיעל איז אויך אויסגעוואקסען די מאכט פון די קאפיטאליסטען, און די רעגירונגען האבען זיך אנגעהויבען צו מאכען ניט וויסענדיג דערפון, וואס די גרויסע אונטערנעהמער האבען עובר געווען די צעך־סטאטוטען. פון דער אנדער זייט וויטער, די האנדווערקער־מייסטער אליין, האבען אויך געטראכט צו ווערען קאפיטאליסטען און האבען בעגרענצט פאר די געהילפע די מעג־ליכקייט צו ווערען מייסטערס. אזוי אין ענגלאנד אין סוף פון 16־טען יאהרהונדערט האט נאר אפערמעגליכען מייסטערס א זוהן געקענט ווערען אליין א מייסטער. אויף אזא אופן איז ביסלעכוויז אויסגע־וואקסען דער אבגרונד צווישען די מייסטערס און זייערע געהילפע: די מייסטערס זענען אלץ מעהר געווארען גרויסע אונטערנעהמער— די געהילפע און די לעהר־אינגלעך זענען אראב צו דער מדרגה פון פשוטע לוין־ארבייטער.

א גרויסער טייל פרייע האנדווערקער זענען ענדליך אין גאנצען

אומגעקומען אונטער די קלעפּ פון קאַפּיטאַל. גרויסע גרופּפּען האַנדווערקער זענען שוין פון לאַנגע צייטען געוועזען אָבהענגיג פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל, און אַראַנק דער קאָנקורענץ פון דער גרויס-אינדוסטריע האָט דיזע אָבהענגיקייט צוגענומען ביי די מייסטערס יעדע זעלבסטשטענדיגקייט. די פרייע האַנדווערקער זענען געוואָרען אַרבייטער פון דער „הויז-אינדוסטריע".

„הויז-אינדוסטריע" הייסט אַזאַ מין אַרט קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, ביי וועלכער דער אַרבייטער אַרבייט ביי זיך אין שטוב מיט זיינע אייגענע געציייג; ער בעקומט נאָר רויהע מאַטע-ריאַלען פון דעם אויפקויפער, וועלכער נעהמט ביי איהם צו די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען. אָט צו אַזאַ לאַגע פון „הויז-אַרבייטער" איז געקומען אין אָנהויב פון XVIII-טען יאָהרהונדערט אַ גרויסער צאָהל פון די געוועזענע זעלבסטשטענדיגע ענגלישע מייסטערס. הויפּטזעכליך קען מען דאָס זאָגען וועגען די אַרבייטער פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע*).

די אַריינפיהרונג פון מאַשינען אין דער גרויס-אינדוסטריע, וועלכע האָט שטאַרק פערגרעסערט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, האָט פערענדיגט דעם זיעג פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל איבער דער זעלבסטשטענדיגער האַנדווערקעריי.

דער גרעסטער טהייל פון יענע מאַשינען, וועלכע זענען געווען בעזאָנדערס וויכטיג פאַר די אינדוסטריע, זענען ערפונדען געוואָרען אין XVIII-טען יאָהרהונדערט. דעריבער איז דיזער יאָהרהונדערט געוועזען הויפּטזעכליך אַ יאָהרהונדערט פון דער אינדוסטריעלער איבערקעהרעניש.

כדי צו בעווייזען מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט און קראַפט ס'איז פאָרגעקומען די אינדוסטריעלע איבערקעהרעניש אין XVIII-טען יאָהרהונדערט, וועלען מיר אויספאָרשען איהר גאַנג אין דער ליינ-אינדוסטריע אין ענגלאַנד.

אין אָנהויב XVIII-טען יאָהרהונדערט האָבען די שפּינער און וועבער נאָך געאַרבייט ביי זיך אין דער היים און, ווי געוועהנליך, אויך געהאַט דעריבער אַ שטיקעל ערד. קיין זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער זענען זיי שוין אָבער פאָרט ניט געוועזען; זיי זענען נאָר

*) טעקסטיל-אינדוסטריע רופט זיך יעדע אינדוסט־יע, וואו מען שפינט אוי זועבט וועלכע ניט איז פעדעם, גאנץ גלייך צי פון וואל, צי פון פלאקס אדער בוים־ואל.

געוועזען אַרבייטער פון דער „ה"ז אינדוסטריע׳, אָרער, ווי מען רופט דאָס ביי אונז „קוסטאַרעס".

אין יאָהר 1741 האָט א ו אַ י ט ערפונדען אַ שפּין=מאַשין, ער האָט אויסגעבויט אַ פאַבריק, נאָר גיך בּרלות געוואָרען.

אין יאָהר 1769 האָט אַ ר ק ר יי ט אַריינגענומען אין די הענד א ו אַ י י ט׳ס ערפינדונג, האָט איינגעריכטעט אין נ אָ ט י נ ג= ה אַ ם אַנ׳אונטערנעהמונג, וועלכע איז אין גיכען אונגעהויער אויסגעוואַקסען.

אין פערלויף פון צוואַנציג יאָהר איז אין ענגלאַנד שוין געוועזען 143 בוימוואָל=שפּינערייען, מיט האַנד=שפּינערייַ האָט מען זיך אינגאַנצען אויפגעהערט צו בּענוצען.

די וועבּערייַ איז נאָך געבליבען אַ האַנד=אַרבייט ביז אין אָנהויב XIX־טען יאָהרהונדערט. נאָר שוין פון 1813, ווען ה אָ ר אַ ק ם האָט געמאַכט וויכטיגע אויסבעסערונגען אין דעם מעכאַנישען וועבשטוהל, וואָס ק אַ ר ט ר אַ ט האָט ערפונדען, האָט די האַנדוועבערייַ אַלץ מעהר אָבגעטראָטען איהר אָרט דער מאַשין=וועבּערייַ.

הייסט דאָס, אַז ביז דער צווייטער העלפט XVIII־טען יאָהרהונדערט איז אין ענגלענד ניט געוועזען קיין שום בוימוואָל=שפּינערייַ און בוימוואָל=וועבערייַ=פאַבריק. גאַנצע מיליאָנען אַרבייטער האָבען זיך פערנומען מיט שפּינערייַ און וועבערייַ ביי זיך צו הויז. אין אָנהויב XIX־טען יאָהרהונדערט בעגעגנען מיר שוין ניט קיין שום האַנד=שפּינערייַ, און האַנדוועבער געפינען מיר אַ גאַנץ קליינע צאָהל.

וואָס איז זשע געוואָרען מיט די מיליאָנען הויז=אַרבייטער? וואָס פאַר אַ איינדרוק האָט אויף זיי געמאַכט די דאָזיגע איבערקעהרעניש?

אַ קלייַנער צאָל פון די פריהערדיגע הויז=אַרבייטער האָט געפונען אַרבייט אין די נייע פאַבריקען. וואָס ס׳איז אָנבעלאַנגט דער אונגעהויערער מאַססע, וועלכע איז געבליבען אָהן אַרבייט, איז וועגען זיי גיט אונז די ענגלישע רעגירונג אַליין קלאָרע ציפער. אין אָנהויב XIX־טען יאָהרהונדערט האָט דער אָסט=אינדישער געגעראַל-גובערנאַטאָר געשריבען אין זיינעם אַ בעריכט: „די פעלדער פון אינדיען זענען בעדעקט מיט די ביינער פון די וועבער", וועלכע די פאַבּריקען האָבּען אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן גאַס. אין דער אייגענער

צײַט זענען אין ענגלענד אַלײן, לויט אָפיציעלע ידיעות, אַנ'ערך 900.000 אַרבײַטער פּשוט אויסגעגאַנגען פֿאַר הונגער; זײ האָבען ניט װילענדיג אָבגעטראָטען זײער אָרט די נײַגעבאָרענע װעב־מאַשינען פֿון קאַרטרײַט=האַרראַקס. פֿון דעם קען מען שוין זעהען, װאָס פֿאַר אַ שרעקליכען חורבן עס האָט אָנגעמאַכט די אינדוסטרי=עלע איבערקעהרעניש אין XVIII־טען יאָהרהונדערט. בלויז אין דער לײַן=אינדוסטריע און נאָר אין ענגלאַנד אַלײן האָט די אינדוסטריעלע איבערקעהרעניש אומגעבראַכט אַסך מעהר מענשליכע לעבענס, אײדער װעלכע ניט איז פֿון די שרעקליכסטע און בלוטיגסטע מלחמות, װאָס זענען װען ס'איז פֿאָרגעקומען פֿון מאמאַעװ'ס הריגה ביז נאַפּאָלעאָן דעם 1=טענס אָנפֿאַל פֿון יאָהר 1812. דער איבערגאַנג פֿון קלײנבעטריעב צו גרױס=אינדוסטריע האָט געקאָסט די אַרבײַטער אַסך מעהר קרבנות, װי די גרױזאַמסטע מלחמות. װען די העלדען פֿון דער „ערשטער קאַפּיטאַל=אָנזאַמלונג" —די ענגלישע לאָרדען און ריעזען פֿון דער אינדוסטריעלער איבערקעהרעניש אין XVIII=טען יאָהרהונדערט, װאָלטען געװאָלט צוזאַמענלײגען אָט די אַרבײַטער און פּױערים, װעלכע האָבען אויסגעבעבט מיט זײערע טױטע קערפּערס דעם װעג פֿון זײער טריאומפאַלען גאַנג, װאָלט אויסגעװאַקסען אַזאַ הױכער באַרג, געגען װעלכען די בעװאוסטע פּיראַמידען פֿון טאַמערלאַנען, װאָלטען אויסגעזעהן װי קלײנטשינקע קאַרליקעם.

## II.

## די אינדוסטריעלע איבערקעהרעניש אין XVIII-טען יאָהר־הונדערט.

די ענגלישע אַרבײַטער=פֿעראײנען זענען אַרױסגערופֿען געװאָרען דורך דער זאָגענאַנטער „אינדוסטריעלער איבערקעהרעניש" אין X III-טען יאָהר=הונדערט. די מאָדערנע אַרבײַטער־בעװעגונג איז איבערהױפּט אויסגעװאַקסען אין דער עפּאָכע, װען דער קלײנער פּראָדוצענט האָט צוליעב דער ענטװיקלונג פֿון דער גרױס=אינדוסטריע פֿערלאָרען זײנע אַרבײַטס=געצײג, אויפֿגעהערט צו זײן בעל=הבית אויף די מאַטעריאַלען און זײנע אויסגעאַרבײַטע פּראָדוקטען און האָט דעריבער געמוזט װערען אַנאָרעמער פּראָלעטאַריער, װעלכער פֿערקױפֿט זײן אַרבײַטס=קראַפֿט דעם קאַפּיטאַליסט. אינדוסטריעלע

איבערקעהרעניש רופען מיר דעריבער אָן יענע ווירטשאַפטליכע איבערקעהרעניש, וועלכע האָט אָבגעשאַפט דעם קליינעם זעלבסשטענדיגען האַנדווערקער פון דער אַלטער גוטער צייט און האָט בעשאַפען צוויי געגענזעצליכע קלאַסען: אַ קלאַסס קאַפּיטאַליסטען — עקספּלואַטאַטאָרס, אייגענטימער פון די אַרבייטס־געצייג פון איין זייט, און אַ קלאַסס אָרעמע פּראָלעטאַריער — פון דער אַנדער זייט.

אַם שאַרפסטען און שנעלסטען איז דיזע איבערקעהרעניש פאָרגעקומען אין XVII-טען יאָהר־הונדערט; דעריבער הויבט מען אָן צו רעכנען די אינדוסטריעלע איבערקעהרעניש פון אָט דעם יאָהרהונדערט. מען דאַרף אָבער בעמערקען, אַז דער איבערגאַנג פון דער מיטעל־אַלטערליכער האַנדווערקעריי צו דער נייעסטער גרויס־אינדוסטריע האָט זיך אין גרעסטען טהייל פון די אייראָפּעאישע לענדער אָנגעהויבען אַ סך פריהער פאַר דעם XVIII-טען יאָהר־הונדערט (אין ענגלאַנד, למשל, האָט דאָס זיך אָנגעהויבען אין XIX-טען יאָהרהונדערט) און געענדיגט האָט זי זיך נאָך ניט אפילו יעצט אויך. דער XVIII-טער יאָהרהונדערט האָט פערדינט דעם נאָמען פון אַ „יאָהר־הונדערט פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע", ניט דערפאַר, ווייל ער האָט אין גאַנצען פערניכטעט די אַלטע אינדוסטריעלע אָרדנונג, נאָר דערפאַר ווייל ער איז געוועזען דער ווענדונג־פונקט אין קאַמפּף פון דער האַנדווערקעריי מיט דער גרויס אינדוסטריע. ביז דעם XVIII-טען יאָהרהונדערט האָט די האַנדווערקעריי געהערשט אין לעבען פון אַלע אייראָפּייאישע שטעדט, נאָך איהם אָבער האָט זיך איהר ראָלע געענדיגט און געענדיגט אויף אייביג.

וואָס איז אַזוינס געוועזען די מיטעל־אַלטערליכע האַנדווערקעריי, דורך וועלכע סבות איז זי פערשוואונדען געוואָרען, אָבטרעטענדיג איהר אָרט דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע פון דער נייער צייט?

דער קלאַסס מיטעל־אַלטערליכע האַנדווערקער איז צוטיילט געוועזען אויף דריי שיכטען: מייסטער'ס, געהילפע און לעהר־אינגלעך.

דער מייסטער איז אין דער זעלבער צייט געוועזען אי אַנ'אַרבייטער, אי אַנ'אונטערנעהמער. די רויע מאַטעריאַלען, די ווערקשטאַט, די אַרבייטס־געצייג זענען געוועזען דאָס אייגענטום פון מייסטער און ממילא האָט אויך צו איהם געהערט דער פּראָדוקט

פון דער אַרבייט. נאָר דאָס אייגענטום איז געווען ניט אַזוי גרויס, אַז דער מייסטער זאָל קענען לעבען פון דער עקספּלואַטאַציע פון לוין־אַרבייט; ער האָט דערביי אויך געמוזט אַרבייטען צוזאַמען מיט זיינע עטליכע מיטהעלפער. דאָס הייסט, אַז דער מייסטער, זייענדיג פריי פון יעדער אויסערליכער עקספּלואַטאַציע, האָט אַליין ניט געקענט ווערען קיין עקספּלואַטאַטאָר אין אמת'ען זין פון וואָרט. ניט זייענדיג ניט קיין קאַפּיטאַליסט און ניט קיין פּראָלעטאַריער ענטהאַלט ער אין זיך דאָס קערנדעל פון ביידע קלאַסען. פון איהם קען אויסוואַקסען אי אַ קאַפּיטאַליסט, אי אַ פּראָלעטאַריער. עס ווענדט זיך נאָר אָן דעם, אויף וואָס פאַר אַ באָדען עס פאַלט דאָס קערנדעל.

דער מיטעל־אַלטערליכער האַנדווערקער אַרבייט ניט פאַר אַ ווייטען אונבעקאַנטען מאַרק, נאָר פאַר אַ בעשטימטען קרייז בעשטעלער, וועלכע ער קען אַליין פּערזענליך. דיזער אומשטאַנד איז זעהר וויכטיג. נאָכפאָרשען נאָך די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אויף דעם ווייטען מאַרק, גאַנצע חדשים וואַרטען ביז עס נועט זיך פּערגרעסערען די נאָכפראַגע אויף זיינע סחורה איז דער קליינער האַנדווערקער ניט בכח, דען ער האָט ניט דעם נויטיגען געלד־פאָרראַט דערצו. קומט אויס, אַז ווען דער האַנד־ווערקער וואָלט בעדאַרפען אַרבייטען פיר דעם מאַרק, וואָלט ער יעדער מינוט געשטאַנען אין געפאַהר צו ווערען בדיל־דל. פּערקערט אָבער, ווען ער האָט אַ בעשטימטע צאָל קונים, וועלכע שאַפען אַ שטענדיגע נאָכפראַגע אויף זיינע פּראָדוקטען, איז זיין לאַגע אַ סך פעסטער און זיכערער.

יעדער האַנדווערקער, איידער ער איז געוואָרען אַ מייסטער, האָט ער געמוזט דורכגעהן די מדרגה פון אַ „לעהר־אינגעל" און פון אַ „געהילף". יעדער לעהר־אינגעל ווייטער האָט געהאַט די מעגליכקייט, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיגט די גאַנצע לעהר־צייט, צו ווערען אַ געהילף, און, אָבאַרבייטענדיג אַ געוויסע צייט ביי פערשיעדענע מייסטערס האָט יעדער געהילף געהאַט דאָס רעכט אָבצוגעבען עקזאַמען און ווערען אַ זעלבסטשטענדיגער מייסטער. די לעהר־אינגלעך און געהילפע האָבען אויף אַזאַ אופן ניט געבילדעט קיין זעלבסטשטענדיגע אין אָבגעזונדערטע קלאַסען; זיי האָבען זיך נאָר געפונען אין אַן איבערגאַנגס־שטופע צו דער

מדרגה—מײַסטער. די צעך־סטאַטוטען און די רעגירונגס־געזעצען האָבען זיך זעהר בעזאָרגט וועגען דעם, אַז יעדער געהילף און יעדער לעהר־אינגעל זאָל באמת קענען ערדײַכען די מדרגה פון אַ זעלבסטשטענדיגען מײַסטער.

ווען אַ מײַסטער וואָלט צופעליג אָנגעזאַמעלט אַזוי פיעל געלד, וועלכע גיט די מעגליכקײַט צו ווערען אַ קאַפּיטאַליסט, וואָלט אַזאַ אומוואַנדלונג ניט געקענט פּאָרקומען, דען, לויט די מיטעל־אַלטערליכע געזעצען, האָט איין מײַסטער ניט געטאָרט האָבען מעהר ווי צוויי, דרײַ געהילפע און עטליכע לעהר־אינגלעך. (אין ענגלאַנד לויט דעם געזעץ פון עליזאַבעטאַ פון יאָהר 1562־טען האָט יעדער מײַסטער געמוזט האָבען איף יעדע דרײַ לעהר־אינגלעך איין געהילף). די אינטערעסען פון געהילפע אונד לעהר־אינגלעך, כל זמן זיי זענען נאָך געוועזען אין דעם איבערגאַנגס־צושטאַנד, זענען אויך פערטהײַדיגט געוואָרען דורך די מיטעל־אַלטער געזעצען. דער מײַסטער האָט געמוזט שפּײַזען דעם געהילף פון זײַן טיש, דער אַרבײַטס־טאָג איז געוואָרען בעגרענצט. (אין ענגלאַנד האָט דער אַרבײַטס־טאָג זומער־צײַט ניט געטאָרט זײַן לענגער, ווי 12 שעה, ווינטער ניט מעהרער פון דער זונאויפגאַנג ביז זונ־אונטערגאַנג). די שכירות פון געהילף איז אויך נישט געוועזען אָבהענגיג פון מײַסטערס ווילקיר. לויט די מיטעל־אַלטערליכע סטאַטוטען האָט יעדערער געהאַט דאָס רעכט צו פאָדערען אַ „גערעכטען" לוין, און די פרידענס־ריכטער האָבען בעדאַרפט בעשטימען די נאָרם פון דיזען „גערעכטען" לוין.

---

## III.

### די ענטשטעהונג פון די אַרבײַטער פעראײַנען.

דער געגענזאַץ פון די קלאַסען־אינטערעסען וואַקסט אויס נאָך איידער עס הויבט זיך אָן די מאַשין־אינדוסטריע. נאָך אין פעריאָד פון דער האַנדווערקער־פּראָדוקציאָן איז אויך שוין פאָר־געקומען, ווי מיר האָבען געזעהן, די צוטײַלונג פון האַנדווערקער אויף בעל־בתים און אַרבײַטער, וועלכע האָבען שוין ניט געהאַט קיין שום האָפנונג צו ווערען זעלבסטשטענדיגע אונטערנעהמער. פון דער צײַט, ווי צו ווערען אַ מײַסטער איז געוואָרען מעגליך

נאָר פאַר די קינדער און קרובים פון די מײַסטערס, הויבען זיך אָן אָנצוזאַמלען גרויסע קאַפּיטאַלען אין די הענד פון די מײַסטערס, און דאָס ווידער פערגרעסערט דעם אָבגרונד צווישען דעם בעל־הבית—דעם מײַסטער און דעם אַרבײַטער דעם געהילף.

אין דער עפּאָכע, ווען עס וואַקסט אויס די וואַנד צווישען דעם זעלבסטשטענדיגען מײַסטער און לוין־אַרבײַטער, וואַקסט אויך אויס די אָרגאַניזירטע אַרבײַטער־בעוועגונג אַזוי אין שנײַדער־פאַך האָבען און XVIII־טען יאָהרהונדערט געקענט ווערען מײַסטערס נאָר די אַרבײַ־טער, וועלכע האָבען געהערט צו אַ גאַנץ קלײנע גרופּפּע צושנײַדער; די גאַנצע איבעריגע אַרבײַטער־מאַססע האָט נישט געקענט אפילו האָפען אַמאָל ערגײַכען די מדרגה פון זעלבסטשטענדיגע פּראָדו־צענטען. גאָר טיעף איז געוועזען דער אָבגרונד צווישען די מײַסטער און געהילפע און די שנײַדערײַ. ווערקשטאַטען, וועלכע האָבען געאַרבײַט פאַר די פערמעגליכע בעפעלקערונג פון לאָנדאָן. צו דיזער אַרבײַט האָט מען געמוזט האָבען אַ היבשען קאַפּיטאַל. און טאַקע אין יאָהר 1720־טען האָבען די לאָנדאָנער שנײַדער־מײַסטערס זיך בעקלאָגט אין פּאַרלאַמענט, אַז אַנ׳ערך פון 7000 געהילפע האָבען געגרינדעט אַ אונגעזעצליכען פעראײַן מיט דעם ציעל צו פערגרעסע־רען דעם אַרבײַטס־לוין און צו פערקלענערען דעם אַרבײַטס־טאָג. דער פּאַרלאַמענט האָט בעפרידיגט די בקשה פון די מײַסטערס: מען האָט בעשטימט די העכסטע נאָרם אַרבײַטס־לוין און מען האָט געזעצליך פערבאָטען אַריבערצושטײַגען די נאָרם. עס זענען אויך פערבאָטען געוואָרען אַלערלײַ אַרבײַטער־אָרגאַניזאַציעס, נאָר די שנײַדער־געהילפע זענען געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז ניט קוקענדיג אויף אַלע פערבאָטען, האָט זײַער אָרגאַניזאַציע ווײַטער עקזיסטירט און זאָגאַר פערברײַטעט איהר טהעטיגקײַט. אין יאָהר 1810 האָט איין מײַסטער ערקלערט דער פּאַרלאַמענטס־קאָמיססיע, אַז דער שנײַדער־פערבאַנד עקזיסטירט שוין כסדר אין אַ משך פון הונדערט יאָהר.

נאָך אַ בײַשפּיעל וועגען די שטאַרקײַט פון די אַרבײַטער אָר־גאַניזאַציעס אין אָנפאַנג פון XVIII־טען יאָהרהונדערט האָבען מיר אין דעם אַרבײַטער־פעראײַן פון וואָל־מאָנופאַקטורען אין מערב־ענגלאַנד. די וואָל־אינדוסטריע אין דעם געגענד האָט געטראָגען דעם כאַראַקטער פון הויז־אינדוסטריע, נאָר אין עטליכע אָבטײַלונגען

פון דער אינדוסטריע האט עקזיסטירט מאשין=ארבייט. *) נאר אלענפאלס איז פון זעלבסטשטענדיגע קליינע האנדווערקער און דער וואל פראדוקציאן שוין קיין זכר ניט געבליבען: אויף אזא אופן איז שוין דא אויך גרייט געוועזען דער באדען פאר אנ'ארבייטער=פער= איין צוליעב דעם, וואס די אונטערנעהמער זענען געוועזען אין גאנ= צען אבגעטיילט פון די ארבייטער, און וואס די ערשטע האבען שוין פערמעגט א היבשען קאפיטאל. ווי עס ווייזט אויס, האט דער ארבייטער פערבאנד פון דער געוואנד־אינדוסטריע געארבייט זעהר ענערגיש. אין די פארלאמענטארישע בעריכטען פון יאהר 1717 געפינען מיר אסך טענות געגען די וועבער פון סאמערסעטשיר און דעוואנשיר, וועלכע האבען זיך פעראייניגט אין א קלוב פון עטליכע טויזענד „בונטאוושטשיקעס". האפענדיג צו פערשטיקען דעם פעראיין מיט דער קראפט פון קעניגליכען אויטאריטעט האט דער פארלאמענט אין יאהר 1718 געצוואונגען דעם קעניג ארויסצולאזען א שארפע פראקלאמאציע, וועלכע איז פול מיט צארן געגען די „אונגעזעצליכע קלובען און פעראיינען, וועלכע טרעטען פערברעכע= ריש ארויס געגען געזעץ און רעגירונג, ווי א באנדע פערשווערער און נעמען זיך דאס רעכט צו קאמאנדעווען אין דער האנדווערקעריי" און אז. וו. אין די פארלאמענטארישע בעריכטען פון 1723 און 1725=טען יאהר געפינען מיר ווייטער טענות געגען די געוואנד=ארבייטער= פעראיינען. דיזע פעראיינען האבען כסדר עקזיסטירט אין משך פון גאנצען XΛIII־טען יאהרהונדערט. זיי זענען נאר פערשוואונדען געווארען אין אנהויב XIX־טען יאהרהונדערט, ווען די מאנסלייט זענען ארויסגעשטויסען געווארען פון די וועב=ווערקשטאטען דורך די פרויען.

די פעראיינען פון די שניידער און געוואנד=ארבייטער אין אנהויב XVIII־טען יאהר=הונדערט בעוויזען בעשיינפערליך, אז די ארבייטער=בעוועגונג האט געקענט אויס=וואקסען נאך איידער מען

*) די רויע מאטעריאל פלעגט שפינען איין גרופפע ארבייטער, וועלכע האבען געארבייט ביי זיך צו הויז. די אויסגעשפינטע מאטעריאל פלעגט מען איבערגעבען די וועבער, וועלכע פלעגען אויך, ווי די שפינער, ארבייטען ביי זיך אין דער היים. די געוואנד פלעגט מען אבשיקען אויף'ן פאבריק, וואו מען פלעגט זי סטעמפעווען (קרעמפלען) און נאכהער ווידער איבערגעבען האנדארבייטער, וועלכע פלעגען זי פערענדיגען און איהר לעצטען געבען געשטאלט.

האָט אײַנגעפֿיהרט מאַשינען. אין דער גערוואַנד־אינדוסטריע און איבערהויפּט אין דעם שנײַדער־פֿאַך זענען אַ מאַססע אַרבײַטער געוועזען פֿערנומען מיט האַנד־אַרבײַט, און אויב די אַרבײַטער האָבען דאָך געקענט אויסאַרבײַטען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, ליעגט די סבה דערפֿון אין דעם, וואָס די אייגענטימער פֿון די אונטער־נעהמונגען זענען אויך אין גאַנצען אָבגעטײַלט געוואָרען פֿון דעם קלאַסס אַרבײַטער, און דער אַרבײַטער האָט נישט געהאַט קיין שום מעגליכקייט צו ערגרײַכען די מדרגה פֿון אַ זעלבסטשטענדיגען אונטער־נעהמער. אַז דאָס איז באמת אַזוי געוועזען, אַז די אַרבײַטער־בעוועגונג איז פֿעסט פֿערבונדען מיט דער ענטוויקלונג פֿון קלאַססען־ווידערשפּריכען, זעהען מיר שוין פֿון דעם, אַז אין די אינדוסטריע־צווייגען, אין וועלכע עס האָט נאָך אין גאַנצען עקזיסטירט דער מיטעל אַלטערליכער האַנדווערקער־כאַראַקטער, זענען ניט אויס־געוואַקסען קיין שום אַרבײַטער־פֿעראייניגען.

אין אַ העכסט געדריקטער לאַגע האָבען זיך למשל געפֿונען די ענגלישע שפּילקע־מאַכער און שוסטער, און פֿונדעסטוועגען בעמערקען מיר נישט קיין שום פּראָבע פֿון אַן אָרגאַניזירטען קאַמפּף פֿאַר בעסערע לעבענס־בעדינגונגען. די סבה דערפֿון איז גאָר פּשוט: די שפּילקע־מאַכער און שוסטער זענען געבליעבען זעלבסטשטענדיגע קליינע האַנדווערקער. אויב אַזוי, אויב די אַרבײַטער־בעוועגונג וואַקסט אויס נאָך איידער מען הויבט אָן זיך צו בענוצען מיט מאַ־שינען, קען שוין גאָר קיין ספק ניט זײַן אַז די מאַשין, וועלכע צווינגט דעם אַרבײַטער איבערגעהן פֿון זײַן שטוב אין דער פֿאַבריק פֿון קאַפּיטאַליסט, האָט נאָך מעהר פֿערשאַרפֿט דעם קלאַססען־האַס און האָט דערינבער געדינט אַלס אַ מעכטיגע טרײַב־קראַפֿט פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון די אַרבײַטער־פֿעראיינען. דאָס בעווײַזען אונז שוין די פּשוטע פֿאַקטען: אין יאָרקאַשיר, וואו עס האָבען ניט עקזיסטירט קיין שום אַרבײַטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער צײַט פֿון האַנד־אַרבײַט, איז אין יאָהר 1794, צוזאַמען מיט דער אַרײַנפֿיהרונג פֿון מאַשינען, אויך געגרינדעט געוואָרען אַ געוואַנד־אַרבײַטער־פֿער־באַנד. די ענטוויקלונג פֿון דער פֿאַבריק־סיסטעם אין דער בוים־וואָל־שפּינערײַ האָט אַרויסגערופֿען דעם פֿעראיין פֿון די בוימוואָל־שפּינער אין 1780־טען יאָהר.

די מאַשין־אינדוסטריע האָט אַ גאַנצע רײַהע אייגענשאַפֿטען,

וועלכע רופען אַרויס אין לעבען רעגעלמעסיג פונקציאָנירענדע אַר־בייטער־אָרגאַניזאַציעס. דאָס אַליין, וואָס אַסך אַרבייטער נעמען זיך צוזאַמען אין איין פאַבריק־געבײדע, פערלײכטערט בעדײטענד די גרינדונג פון אַרבייטער־פעראײנען, אויסערדעם, בײ דער האַנד־אַרבייט און איבערהויפּט בײ דער סיסטעם פון הויז־אינדוסטריע האָט דער אַרבייטער נאָך אַ שאָטען פון זעלבסטשטענדיגקייט: ער האָט נאָך וואָסערע ניט איז אייגענע אַרבייטס־געציינג, אַמאָל נאָך אַ הײזעל און אפשר אַ שטיקעל ערד אויך. דאָס שטיקעל אייגענ־טהום, אמת, שטעלט איהם ניט אין אַ בעסערע לאַגע אים פער־גלייך מיט דעםווירקליכען פראָלעטאַריער; דערפאַר אָבער שטיצט דיזעס אייגענטהום אין איהם די האָפנונג, אַז ער וועט זיך מיט זײנע אייגענע כחות דערשלאָגען צו דער לאַגע פון אַ זעלבסטשטענ־דיגען פראָדוצענט. דער אמת׳ער פראָלעטאַריער פון דער פאַבריק־אינדוסטריע געפינט זיך אין אַ גאַנץ אַנדערער לאַגע; ער האָט שוין פערלאָרען די האָפנונג צו יוערען אַ קאַפּיטאַליסט. ער זעהט קלאָהר, אַז ער קען זיך ניט אַרויסרייסען פון די פראָלעטאַריער־רײהען.

דערמיט איז די ראָלע פון די מאַשינען אין דער געשיכטע פון דער אַרבייטער־בעוועגונג נאָך ניט געענדיגט. די בעדײטענסטע ווירקונג, וואָס די מאַשין־אינדוסטריע האָט געהאַט אויף די אַר־בייטער, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס אַ דאַנק דער פאַבריק־סיסטעם איז מעגליך געוואָרען עס זאָלען זיך פעראייניגען אַלע אַרבייטער פון אַ גאַנצען לאַנד, אָדער אפילו פון דער גאַנצער וועלט אויף דעם באָדען פון אַ געמיינזאַמער פּאָליטישער און סאָציאַלער פּראָגראַם. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דער עפּאָכע פון האַנד־אַרבייט איז דער אַרבייטער־קלאַסס געוועזען ניט אײנ־אַרטיג: צוזאַמען מיט די געלעהרטע געהילפע, וועלכע האָבען בעקומען אַ הויכען לוין, איז געוועזען אַ אונגעהויערע צאָהל אַרביי־טער, וועלכע האָבען כמעט ניט געקענט קיין שום מלאָכה. די אינטערעסען פון די ביידע שיכטען פון אַרבייטער־קלאַסס זענען דעריבער געוועזען ניט נאָר ניט קיין גלײכע, נאָר זאָגאַר געגענ־זעצליכע. די אַרבייטער, וועלכע האָבען בעקומען אַ קלײנעם לוין, האָבען געשטרעבט צו ערר״כען די מדרגה פון די פּריווילעגירטע און די לעצטע האָבען אין דער זעלביגער צייט צוזאַמענ־גענומען אַלע זײערע כחות זיך צו פערהיטען פון דער קאָנקורענץ

פון די ניט געלערנטע אַרבייטער. פערשטעהט זיך, אַז דיעזע פיינדליכע גרופּפּען האָבען זיך בשום אופן ניט געקענט פעראייניגען.

ווען עס וואַקסט אויס די מאַשין אַרבייט, פאַלט גיך אַראָב די בעדייטונג פון די גוט-געלערנטע אַרבייטער. די מאַשין נעמט אויף זיך צו ערפיעלען די שווערסטע אָפּעראַציעס און מאַכט דעם אַרבייטער בלויז פיר איין צוגאָב, וועלכער דאַרף נור מאַכען איינפאַכע בעוועגונגען. דער אַרבייטער ביי דער מאַשין שפּיעלט נאָר די ראָלע פון עטליכע שרייפלעך און רעדלעך, וועלכע דער ערפינדער האָט נאָך ניט ענדעקט.

פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ מין אַרבייט פאָדערט אַסך וועניגער פאָרבערייטונג, ווי די אַרבייט פון האַנדווערקער, וועלכע איז זעלבסטשטענדיג פון אָנהויב ביז'ן סוף. למשל אַ'ן אַרבייטער פון אַ שפּינעריי-פאַבריק דאַרף גאָר נישט קענען די אַרבייט פון אַ האַנד-שפּינער; אויף דער פאַבריק קומט פאָר די גאַנצע שפּינערײ-אַרבייט דורך אַ שטול, וועלכער אַרבייט אליין. דער אַרבייטער דאַרף נאָר קוקען צו עס האָט זיך ערגעץ וואו ניט אָבגעריסען אַ פאָדעם.

הייסט דאָס, אַז וואָס מעהר די מאַשינען האָבען אַרומגענומען איין אינדוסטריע-צווייג נאָך דער אַנדערער, אַלץ מעהר פערנעמט דעם אָרט פון געלעהרנטען אַרבייטער אַ פּשוטער אַרבייטער, וועלכער דאַרף נאָר האָבען אַ קליינע פאָרבערייטונג. אָט דיזע אויסגלייכיג פון די אַרבייטער ווירקט בעדייטענד אויף די ענטוויק-לונג פון דער ס אָ ל י ד אַ ר י ט ע ט (פריינדשאַפט — דאָס בעוואוסטזיין אַז זיי האָבען גלייכע אינטערעסען) אין דעם אַרבייטער-קלאַס; אָנשטאָט די אָבגעזונדערטע און אָפּטמאָל נאָך פיינדליכע אַרבייטער גרופּען טרעט ביסלעכווייז אַרויס פעראייניגט ד ע ר ג אַ נ צ ע ר אַ ר ב ײ ט ע ר-ק ל אַ ס ס.

דײַטליך ווייזט זיך אַרויס די דאָזיגע איבערקערעניש אין ענגלאַנד ערשט אין סוף פון XIX-טען יאָהרהונדערט. אין XVIII-טען יאָהרהונדערט האָט נאָך ניט עקזיסטירט קיין פאָלקאָ-מע איינאַרטיגקייט אין דער פּראָדוקציאָן. די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון פערשידענע פאַכען זיינען נאָך ניט געוועזען אין גאַנצען געמיינזאַם. אין דיזער עפּאָכע האָט מען נאָך אין פיעל אינדוסטריע-צווייגען בעדאַרפט האָבען אַרבייטער-ספּעציאַליסטען, קינסט'לער, וועלכע האָבען פערדינט אַזוי פיעל, אַז די פּראָסטע

אַרבּײַטער האָבּען אַפילוּ נִישט געקענט טראַכטען צוּ דערגרײַכען ווען ס'אִיז צוּ אַזאַ מדרגה.

מען דאַרף נִיט מײַנען, אַז דִי פעראײנען זענען אױסגעװאַקסען נאָר צװִישען אַרבּײַטער, װאָס האָבּען זיך פערנימען נאָר מִיט אײנפאַכע אַרבּײַט, אַלס אַ רעזולטאַט פוּן זײַער געדריקטע לאַגע. אִין דִי שטערטִישע האַנדװערקערײַען אִיז דאָס פאָרגעקומען פּונקט פערקעהרט: דאָ זענען דִי אַרבּײַטער=פעראײנען געװעזען אַ אָרגאַנִיזאַציע פוּן יענע אַרבּײַטער־שִׁיכטען, װעלכע האָבּען זִיך געפוּנען אִין דִי בּעסטע בּעדִינגוּנגען. אַלס בּײַשפּיעל קען אוּנז דִינען דער שנײַדער=פערבּאַנד אִין לאָנדאָן, װעגען װעלכען מִיר האָבּען שױן גערעדט. דער פערבּאַנד אִיז בּאמת געװעזען אַ פעראײן פוּן דִי אַרבּײַטער־אַרִיסטאָקראַטיע, װעלכע אִיז פוּן דער אִיבּרִיגער אַרבּײַטער=מאַסע געשטאַנען אפשר נאָך װײַטער, װִי פוּן דִי קאַפּיטאַלִיסטען. פערשטעהט זִיך, אַז אַרבּײַטער פוּן אַזעלכע פעראײנען זענען, לױט זײַער לאַגע אוּן לױט זײַערע אױפגאַבּען, געשטאַנען אַסך נעהנטער צוּ דִי קאַפּיטאַלִיסטען װִי צוּ דער אִיבּרִיגער מאַסע פּראָלעטאַרִיער. דִי סבּסיבים צװִישען אַזעלכע אַרבּײַטער=אַרִיסטאָקראַטען אוּן זײַערע בּעלי בּתים זענען בּאמת געװעזען פאַמִילִיען=מִיספערשטענד־נִיסען אוּן נִיט קײן קלאַסען=קאַמפף. זײַער פּראָגראַם אִיז בּעשטאַנען אִין דער שטרעבּוּנג צוּ פערבּלײַבּען אױף דער מדרגה פוּן זײַער פּרִיװִילעגִירטען צוּשטאַנד אוּן צוּ בּעזײטִיגען דִי קאָנקוּרענץ פוּן פּשוּטערע אַרבּײַטער. זײ האָבּען געפאָדערט מען זאָל שטרענג דוּרכפִיהרען עלִיזאַבּעטעס געזעץ װעגען דִי לעהר=אײנגלעך, לױט װעלכען אַ לעהר=אײנגעל האָט געמוּזט לערנען ז׳ יאָהר, אײדער ער אִיז געװאָרען אַ געהִילף. דעם אָנהױבּ פוּן דער אמת'ער אַרבּײַטער=בּעװעגוּנג, דאַרף מען נִיט זוּכען אִין דִי אָרגאַנִיזאַציעס פוּן דִי האַנדװערקער־געהִילפע, נאָר אִין דִי פעראײנען, װעלכע זענען אױסגעװאַקסען אִין דִי נִידרִיגערע שִׁיכטען פוּן דעם אַרבּײַטער קלאַס, אוּן װעלכע האָבּען אַרוּמגענוּמען אוּנגעהײַערע מאַסען אַרבּײַטער פוּן דער גרױס=מאַנוּפאַקטוּר. אַזאַ מִין פעראײן אִיז שױן געװעזען דער געװאַנד־אַרבּײַטער=פערבּאַנד, װעלכען מִיר האָבּען פריהער דערמאָנט. לױט זײַער געדריקטען צוּשטאַנד האָבּען זִיך דִי אַרבּײַטער פוּן דִי ענגלִישע מאַנוּפאַקטוּרען אִין סוֹף XVIII=טען יאָהרהוּנדערט געפוּנען אִין אַזאַ לאַגע, אױבּ נאָר נִישט קײן ערגערע, װִי דער

הײנטיגער פּראָלעטאַריאַט, און טאַקע דעריבער געפינען מיר אין זײער פּראָגראַם דעם קערן פון דער פּראָגראַם פון דעם מאָדערנעם אַרבײטער־קלאַס.

דער געװאַנד־אַרבײטער־פערבאַנד האָט געפאָדערט, אַז עס זאָל געזעצליך בעשטימט װערען אַ גענוגענדער אַרבײטס־לױן און אַ קורצער אַרבײטס־טאָג. דערבײ האָט ער בעגרינדעט זײן פאָדערונג מיט דעם אײגענעם געזעץ פון עליזאַװעטע. — מיר האָבען שױן געזעהען, אַז אין XVIII־טען יאָהרהונדערט האָבען סײ די פּריװילעגירטע אַרבײטער און סײ דער פּראָלעטעריאַט, אין אמת'ען זין פון ד. ם װאָרט, זיך געװענדעט צו די געזעצען פון מיטעל־אַלטער. נאָר אַנשטאָט דעם, װאָס די ערשטע האָבען נאָר געװאָלט פערהיטען זײערע ענגע גרופּפּען־אינטערעסען, האָבען די אַנדערע געקעמפּפט פאַר די אינטערעסען פון אַ ברײטערער מאַסע. אין זײערע פּראָגראַמען בעמערקט זיך שױן צװישען די חורבות פון מיטעל־אַלטער אױך פונקען פון נײעם לעבען. שפּעטער װערען זײערע פאָדערונגען די פאָדערונגען פון אַלע ענגלישע אַרבײטער.

איצט װעלען מיר אַ קוק געבען, װי אַזױ האָט זיך בעצױגען די רעגירונג צו די אַרבײטער־אָרגאַניזאַציעס אין XVIII־טען יאָהרהונדערט איז די רעגירונג געשטאַנען דערפאַר, אַז יעדער אַרבײטער האָט ד אָ ס ר ע כ ט אױף דעם אַרבײטס־לױן, װעלכער איז שױן לאַנג צײנגעפיהרט אין דיזער פּראָדוקציאָן. דאָ פיהלט זיך נאָך דער גײסט פון XVI־טען יאָהרהונדערט, װען דער פּאַרלאַמענט האָט געזעצליך פערבאָטען צו בענוצען זיך מיט אײניגע מאַשינען, װעלכע האָבען אַרױסגעשטױסען אַ צו גרױסע צאָהל אַרבײטער; ער האָט בעגרענצט די צאָהל פון די װעב־שטולען, װאָס יעדער אינטערנעהמער האָט דאָס רעכט צו האָבען. דער פּאַרלאַמענט האָט אָפיציעל ערקלערט, אַז זײן ציעל איז „צו פערזיכערען יעדען אַרבײטער גענוגענדע לעבענס־מיטלען".

אין יאָהר 1720 האָבען די װעבער פון װילשיר און סאָמערסעטשיר זיך פעראײניגט און אָנגעגעבען דעם קעניג אַ פּעטיציע, אין װעלכער זײ האָבען זיך בעקלאָגט אױף די גרױזאַמקײט און שװינדלערײ פון די בעלי־בתים. די רעגירונג האָט בעפּעהלען דעם קאָמיטעט פון „דעם געהײמען מלוכה־ראַטה" ער זאָל אױספאָרשען זײער נױט. די אַרבײטער האָט מען בעפרידיגט,

אָבּער דערבּײַ האָט מען זײַ אָנגעזאָגט, אַז אין דער צוקונפט זאָלען זײַ גאָר ניט פּרובּען וואָס עס זיך דערשלאָגען זעלבּסט־שטענדיג מיט דער הילף פון אונגעזעצליכע חברות, נאָר זײַ זאָלען אַלע מאָל צושטעלען זײַערע בקשות זײַן מאַיעסטעט־דעם קעניג לויט דער געזעצליכער אָרדנונג, און מען וועט זײַ שטענדיג העלפען לויט יושר.

בּיז די פופציגער יאָהרען פון XVIII־טען יאָהרהונדערט טראָגען די בּעציהונגען פון דער קעניגליכען רעגירונג און פּאַרלאַמענט צו דער אונגעהויערער צאָהל פּעטיציעס פון די אַרבּײַטער אַלץ דעמזעלבּען כאַראַקטער. אַזוי למשל, די וועבּער פון גלאַסטערשור האָבּען אין פערלויף פון דער ערשטער העלפט פון XVIII־טען יאָהרהונדערט בּעקומען הילף פון פּאַרלאַמענט אין זײַער קאַמפּף מיט די אונטערנעהמער, און ענדליך אין יאָהר 1756 האָבּען זײַ זיך דערשלאָגען פון דער אונטערסטער פּאַלאַטע אַ געזעץ (דער זאָגענאַנטער „געזעץ וועגען די וועבּער פון וועבּער־אינדוסטריע״), לויט וועלכען די פריעדענסריכטער האָבּען בּעדאַרפט בּעשטימען די גרויס פון שטיק לוין. אָט דיזע בּעשטימונג האָבּען געמוזט ערפילען ווי די אונטערנעהמער אַזוי אויך די אַרבּײַטער.

נאָר גאָר אין גיכען בּעמערקען מיר, ווי די ענגלישע רעגירונג בּײַט מיט אַמאָל איבּער אין גאַנצען איהר אינדוסטריעלע פּאָליטיק. עס איז נאָך ניט פאָריבּער קײַן גאַנצער יאָהר נאָך דעם, ווי מען האָט אַרײַנגעפיהרט „דאָס געזעץ וועגען די וועבּער״ און דער פּאַרלאַמענט ווערט בּעשאָטען מיט אַ האָגעל פּעטיציעס און קאָנטר־פּעטיציעס. די פאַבּריקאַנטען האָבּען ענטשיעדען ערקלערט, אַז זײַ זענען ניט בּכח צו צאָהלען אַזאַ גרויסען לוין ווי די פריעדענסריכטער בּעשטימען. די אַרבּײַטער ווײַטער האָבּען געפאָדערט, אַז דאָס געזעץ זאָל דײַטליכער בּעשיצען זײַערע אינטערעסען. די פאַבּריקאַנטען האָבּען אָנגעוויזען אויף די מעלות פון דעם „פרײַעם־אָבּמאַך און אונבּעגרענצטע קאָנקורענץ״; די וועבּער האָבּען געפאָדערט אַז די רעגירונג זאָל בּעשטימען געוויסע נאָרמען.

אויף דער זײַט פון די אַרבּײַטער זענען געשטאַנען אין פּאַרלאַמענט די לאָרדען און דער קלײַנער אַדעל, ד. ה. די

געגנער פון דער אינדוסטריעלער בורזשואזיע, פשוט אויס פיינד-שאפט צו איהר.

סוף כל סוף האבען מנצח געווען די פאבריקאנטען: „דאס געזעץ וועגען די וועבער" איז אבגעשאפט געווארען פון דיזען מאמענט אן ברעכט דער פארלאמענט אלץ מעהר אב פון דעם מיטעל-אלטערליכען פערטהיידיגונגס-שטאנד-פונקט, און ווענדעט זיך צו א נייער טאקטיק: זיך אין גאנצען ניט אריינמישען אין דעם אינדוסטריעלען לעבען פון לאנד.

דער קאמפף וועגען „דאס געזעץ וועגען די וועבער" איז געווען דער ווענדונגס-פונקט פון דער אלטער פאליטיק צו א נייער.

אין יאהר 1776 האט דער פארלאמענט זיך ענטזאגט צו בעטראכטען די פעטיציע פון די שפינער, אין וועלכער זיי האבען זיך בעקלאגט אויף דעם חורבן, וואס עס האט צווישען זיי אנגעמאכט די שפינערי-מאשין „דזשעני".

אין יאהר 1777 אין דעם ככסוף צווישען די מייסטערס און די ארבייטער פון די היט-ווערקשטאטען, האט דער פארלאמענט ניט בעטראכט די גרויסע צאהל פעטיציעס, וועלכע די לאנדאנער, בריסטאלער, טשעסטערער, ליווערפולער אונד נאך אנדערע היט-ארבייטער האבען אריינגעטראגען, אין האט אין גאנצען מסכים געווען מיט די מיינונג פון די אונטערנעהמער. ביי אזעלכע אומשטענדען איז שוין קיין חידוש ניט, אז באלד ווי עס האט ערשיינט א ד א ם - ס מ י ט ה 'ס בוך „דאס רייכטהום פון פעלקער" (1776) איז זיין פאליטישע פילאזאפיע כמעט תיכף געווארען די אפיציעלע תורה פון דער זאגענאנטער „נאטירליכער פרייהייט". דער גרונד-געדאנק פון א ד א ם ס מ י ט ס לעהרע בעשטעהט אין דעם, אז לטובת פון דעם פאלק איז נויטיג, עס זאל אין אינדוסטריעלען לעבען העררשען פאלקאמע פרייהייט און אונבעגרענצטע קאנקורענץ צווישען א י נ צ ע ל נ ע מ ע נ ש ע ן. לויט סמיטה'ס שטאנד-פונקט זענען גלייך געפעהרליך אי די געזעצען, וועלכע בעשיצען די אינדוסטריע, אי יעדער מין אינדוסטריעלער פערבאנד, אהן שום חלוק צי דאס איז א פער-באנד פון פאבריקאנטען, צי פון ארבייטער. די ערשיינונג פון דעם ווערק „דאס רייכטהום פון פעלקער" איז געווען אנ'אמת'ר יום-טוב פאר די ענגלישע שטאטס-מענער און קאפיטאליסטען.

אין סוף XVIII־טען יאָהרהונדערט האָבען זיך די הערשענדע קלאַסען אין גאַנצען איבערצייגט, אַז די טעאָריע פון דער פאָלער אינדוסטריעלער „פרייהייט", ד. ה. די פרייהייט פון עקספּלואַטאַציע איז פאַר זיי אַנ׳אונאויסשעפּפליכער קוואַל פון עשירות. פון איצט אָן ווערט ענטשידען און אויף שטענדיג פערוואָרפען יעדעס אַריינמישען זיך אין די בעציהונגען צווישען די אַרבייטער און אונטערנעהמער. אין יאָהר 1808 האָבען די וועבער געבעטען דעם פּאַרלאַמענט מען זאָל זיי פערזיכערען חאָטש אַ דריטעל פון אָט דעם אַרבייטס־לוין, וועלכען זיי האָבען בעקומען מיט צעהן יאָהר צוריק. נאָר דער פּאַרלאַמענט האָט זיך אָבגעזאָגט געזעצליך צו בעשטימען דיזען אַרבייטס־לוין. אין דער בעשטימונג פון פּאַרלאַמענט לעזען מיר: „אַזאַ געזעץ, חוץ דעם וואָס ער איז נאַרעש אין דער אידעע, וואָלט גלאַט געווען ניט ווירקזאַם, ווייל מען קען איהם ניט דורכפיהרען אין דער פּראַקטיק. און ווען עס זאָל אַפילו אַזאַ מעגליכקייט יע זיין, וואָלט דאָס געבראַכט נאָר אונגינסטיגע רעזולטאַטען". דאָ עררייכט שוין די אידעע וועגען „אינדוסטריעלער פרייהייט די העכסטע מדרגה, זי הערשט איבער אַלע מחות פון פּאַרלאַמענט. צולי׳עב „דעם הייליגען" פּרינציפּ „פון אינדוסטריעלער פרייהייט" האָט דער פּאַרלאַמענט, פערטרעטענדיג די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען, מיט אַ גרינגען הארצען פערמאַכט די אויגען ויף די גרויזאַמע ליידען פון די וועבער, וועלכע זענען געשטאָרבען פון הונגער *).

## IV.

## די אַרבייטער־פעראיינען אין XIX־טען יאָהרהונדערט.

דאָס ערסטע פיערטעל פון XIX־טען יאָהרהונדערט איז אַ עפּאָכע, אין וועלכער מען פערפאָלגט יעדער מין אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע. יעדער ענגלישער אַרבייטער־פעראיין, וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין דער טרויעריגער צייט, האָט אין זיין

*) דאס איז פארגעקומען גראד אין יענער צייט, ווען — ווי מיר האבען שוין אויבען דערצעהלט — אנ׳ערך 900,000 ענגלישע וועבער זיינען בוכשטעבליך איים־בעגאנגען פון הונגער.

ארחיװ אַ ראָמאַנטישע ערצעהלונג װעגען די ערשטע יאָהרען פון זײן עקזיסטענץ. די פערפאָלגונגען זענען געװעזען אַזױ שטאַרק, אַז די גאַנצע טהעטיגקײט פון די פעראײנען האָט מען געמוזט האַלטען בסודי־סודות. די אַרבײטער־פערזאַמלונגען פלעגען געװעהנליך פאָרקומען בײ נאַכט אַ געגענד אויף פערװאָרפענע פעלדער אָדער הינטער דער שטאָדט אין די װעלדער, גריבער. די דאָקומענטען זענען געװעזען פערגראָבען אין דער ערד אין זײטיגע ערטער. כדי זיך צו פערזיכערען פון פערראַט, האָט מען געפאָדערט פון יעדער מיטגליעד אַ שבועה, אַז ער װעט בלײבען טרײ דעם פערבאַנד. נאָר ניט קוקענדיג אויף אַלע מינים פאָרזיכטיגקײטען, ניט קוקענדיג אויף דער גוט־אויסגעאַרבײטער און העכסט פערבאָרגענער אָרגאַניזאַציע, פלעגען אָפט די מיטגליעדער פון די פעראײנען אַרײנפאַלען אין די הענד פון דער פאָליצײ, װעלכע פלעגט זײ אָבהאַלטען יאָהרען־לאַנג אין געפענגניס. דיזע בראָװערינגע צײט פאַר די ענגלישע אַרבײטער האָט זיך אָנגעהויבען פון יאָהר 1799, װען עס איז אַרויסגעגעבען געװאָרען דער זאָגענאַנטער „אַלגעמײנער געזעץ געגען קאָאַליציע"*). מען האָט זײ פערבאָטען יעדער מין אָרגאַניזאַציע אָדער צײטװײליגע פערבינדונג, װעלכע בעריהרט „די נאַטירליכע" אינדוסטריעלע פרײהײט. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז לויט דעם אמת'ן זין פון דעם געזעץ, זענען פערבאָטען ניט נאָר די אַרבײטער־פעראײנען, נאָר אויך די אונטערנעהמער־פערבאַנדען.

פערשטעהט זיך, אַז אַפילו בײ דיזער בעדינגונג איז דאָס „געזעץ געגען קאָאַליציע" געװעזען ניט זעהר יושר'דיג: דאָס געזעץ געגען די פעראײנען איז פיעל שװערער פאַר די אַרבײטער, װי פאַר די פאַבריקאַנטען. װען מען האָט בעטראַכט דאָס געזעץ, האָט לאָרד דזשעפפע שוין אָנגעװיזען אויף דער אונגערעכטיגקײט. „יעדער אונטערנעהמער בעזונדער האָט ער געזאָגט „האָט רעכט מיט אַמאָל אָבזאָגען אַלע זײנע אַרבײטער, כײ עס אַרבײטען בײ איהם הונדערט, סײ 1000; אויב זײ זענען נאָר ניט מסכים

*) קאאליציע, דאס איז א פערבאנד אדער אצייטווייליגע פערבינדונג פון אסך מענשען צו ערגרייכען א אלגעמיינעס ציעל (למשל א שטרייק),

מיט אָט דעם אַרבייטס-לוין, וועלכען ער וויל צאָהלען, זאָגט ער זיי אָב. אויב אָבער די 100 אָדער 1000 אַרבייטער וועלען אַליין זיך אָבזאָגען פון דער אַרבייט, זייענדיג ניט איינשטימיג מיט דעם אַרבייטס-לוין, וועלכען דער אונטערנעהמער לעגט פאָר, ווענען זיי שוין פערברעכער, זייער טהאַט הייסט שוין אַ אונגעזעצליכע קאָאַליציע אָדער אַ„שטרייק". אַחוץ דעם וואָס דער פאַבריקאַנט דאַרף ניט אַזוי נויטיג דעם פערבאַנד ווי די אַרבייטער, קען ער אויך לייכט עובר זיין דאָס געזעץ: פאַבריקאַנטען איז דאָך ניט דאָ קיין סך און זיי קענען זיך געהיים צוזאַמענרעדען, ניט ריזיקירענדיג אַריינצופאַלען אין די הענד פון דער רעגירונג.

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז אַפילו ווען מען זאָל אָהן פּניאה'ס דורכפיהרען דאָס געזעץ פון 1799—1800 וואָלט ער אויך געגעבען די פאַבריקאַנטען אַ סך פּריווילעגיעס. נאָר באמת האָט מען דאָס געזעץ דורכגעפיהרט ניט אָהן פּניאה'ס: שוין ניט רעדענדיג וועגען „דעם שטילען אָבער שטענדיגען שטרייק" צו פערקלענערן דעם אַרבייטס-לוין, האָבען די אונטערנעהמער אין אָנהויב XIX-טען יאָהרהונדערט געגרינדעט פּאָלקאָם-אָפענע פעראיינען, און קיינער האָט גאָר ניט געטראַכט זיי צו פערפאָלגען. אַזאַ פערבאַנד איז למשל געוועזען דער „פעראיין פון ש:פּילדער סוחרים אונד פאַבריקאַנטען", וועלכער האָט עפענטליך עקזיסטירט פון יאָהר 1814, ד. ה. פונקט אין דער צייט, ווען די פּאָליציי האָט פערפאָלגט און געוואָרפען אין געפענגנים יעדען אַרבייטער, וועמען זי האָט חושד געווען אַז ער נעהמט אַנ'אַנטייל אין אַ פערבאַנד. בכלל דאָס דורכפיהרען אין דער פּאַלאַטע „דאָס אַלגעמיינע געזעץ געגען קאָאַליציעס", האָט שוין קלאָר בעוויזען, אַז דער פּאַרלאַמענט איז געוועזען נאָר אַ כלי זין אין די הענד פון די פאַבריקאַנטען אין קאַמפּף מיט דער אַרבייטער בעוועגונג, וועלכע האָט דאַמאָלסט אָנגעהויבען אויסצוואַקסען.

די גיכע ערפאָלגען פון דער אַרבייטער-בעוועגונג צווישען די בוימוואָל-שפּינער און געוואַנד-אַרבייטער פון יאָקשיר און לאַנקאַשיר זענען געוועזען די סבה, וועלכע האָט אַרויסגערופען דאָס געזעץ פון 1799-טען יאָהר. דאָס געזעץ איז מיט אַ אונגעהויערע שנעלקייט געוואָרען בעטראַכט און אָנגענומען אין ביידע פּאַלאַטעס: שוין אין דריי וואָכען אַרום נאָך דעם, ווי מען האָט אַריינגעטראָגען

אָט דעם בּיל (בּיל-הייסט אַ פּאָרלאַגע אין פּאַרלאַמענט) אין פּאַרלאַמענט, איז ער שוין געוועזען אונטערגע׳חתמ׳ט פון קעניג. דיזע געשווינדקייט האָט געהאַט דעם איינציגען ציעל-שטערען די אַרבּייטער צו אָרגאַניזירען גרויסע פּראָטעסטען געגען דעם נייעם געזעץ-פּראָיעקט. און באמת האָבען נאָר די אַרבּייטער פון די קאַרטון-פאַבּריקען געהאַט צייט צוזושטעלען זייערע מיינונגען געגען פּראָיעקט און דינגען אַ שתדלן, וועלכער זאָל פערטהיידיגען זייערע אינטערעסען אין פּאַרלאַמענט. די אַרבּייטער האָבען בּעמערקט, אַז דאָס געזעץ, וואָס וויל פערווערען „די אונגעזעצליכע חברות" איז פאָרמולירט אַזוי ניט קלאָר, אַז יעדער אַרבּייטער, וואָס רעדט מיט זיינע חברים וועגען זיינע אַרבּייטס-בּעדינגונגען, איז ניט זיכער אַז מען וועט איהם ניט אַרעסטירען, חושד זיינדיג אַז ער נעהמט אַנ׳אַנטהייל אין אַ „אונגעזעצליכע חברה". דער פּראָטעסט פון די קאַרטון-אַרבּייטער האָט ניט געהאַט קיין שום ערפאָלג, און דער בּיל איז געוואָרען אַ געזעץ אין דער פאָרם, אין וועלכער ער איז צוגעשטעלט געוואָרען. אַזאַ רעזולטאַט דאַרף אונז גאָר ניט וואונדערען. פאַר די, וועלכע האָבען געשריבּען דאָס געזעץ, איז דיזע דונקעלהייט און פיעלדייטיגקייט געווען זעהר צום האַרצען. אָט די אונקלאָרהייט האָט געגעבּען דעם פאַבּריקאַנט אַ מעכטיגע געוועהר אין זיין קאַמפף מיט די אונ-צופריעדענע אַרבּייטער. אַ דאַנק דער דונקעלהייט האָט דער פאַבּריקאַנט געקענט אַריינוואַרפען אין געפענגניס יעדען אַרבּייטער, פאַר וועלכען ער האָט געקענט מורא האָבען. אָט דערצו טאַקע האָבען געשטרעבּט די קאַפּיטאַליסטען. נאָך בּיז דעם געזעץ פון 1799 בּעגעגנען מיר זיך אויך מיט עהנליכע פאַקטען.

אַזוי אין יאָהר 1798 האָבען די אייגענטימער פון די דרוקע-רייען זיך בּעקלאָגט אויף זייערע אַרבּייטער, אַז זיי מאַכען אַ בּונט. די אויספאָרשונג האָט געוויזען, אַז די אַרבּייטער האָבען געגרינדעט אַ פּשוטע חברה פון געגענזייטיגע הילף, אַ חברה, וועלכע מען קען אפילו ניט רופען אַרבּייטער-פעראיין. נאָר דאָס האָט פאָרט ניט געהאָלפען די אַרבּייטער. „זיי רופען זיך געזעלשאַפט פון חברים", האָט גע׳דרש׳נ׳ט אין געריכט דער אַדוואָקאַט פון די אונטערנעהמער „נאָר אין זייערע רייהען האָבען אַריינגעדרונגען איינציגע פערדעכטיגע פּערזאָנען, וועלכע האָבען פערוואַנדעלט דעם אונשולדיגען פעראיין

אִין אַ אָבּשׁילִיכֶע פֶערזַאמלוּנג פוּן פֶערשׁווערֶער״. נִיט קוּקֶענדִיג אוֹיף דעֶם, וואָס אַלֶע פַאקטֶען זֶענֶען גֶעווֶעזֶען לְטוֹבַת דִי אַרבּייטֶער, הָאט דָאס גֶערִיכט פֶערמִשְׁפּט אַלֶע „פֶערדֶעכטִיגֶע פֶּערזָאנֶען״ אוֹיף 2 יָאהר גֶעפֶענגנִיס. אַזוֹי הָאבֶּען דִי פַאבּרִיקַאנטֶען כְּסֵדֶר גֶעפֵייעֶרט זֵייעֶר נִצָחוֹן. דִי אֵייגֶענֶע פְרִידֶענס־רִיכטֶער, ווֶעלכֶע הָאבֶּען עֶרשׁט נִיט לַאנג זִיךְ גֶעסטַארֶעט צוּ בֶּעשׁטִימֶען דֶעם „גֶערֶעכטֶען״ אַרבֵּייטס־לוֹין, זֶענֶען יֶעצט גְרֵייט גֶעווֶעזֶען אָנצוּווֶערקֶענֶען יֶעדֶען גֶעווֶעהנלִיכֶען צִירקֶעל חֲבֵרִים, פַאר אַ מִין פֶערשׁווֶערוּנג.

פֶרֶענסִיס פְּלַאס שׁרייבּט: „דִי גֶעזֶעצֶען גֶעגֶען קָאַלִיצִיֶע הָאבֶּען אַלֶע פֶערמֶעגלִיכֶע קלַאססֶען גֶעהַאלטֶען פַאר דוּרכאוֹיס נויט־ווֶענדִיג, כְּדֵי צוּ דֶערשׁטִיקֶען דִי צוּשׁטֶערוּנגס־שׁטרֶעבּוּנגֶען צווִישֶען דִי אַרבּייטֶער״. דִי בּוּרשׁוּזֶען הָאבֶּען גֶערֶעכֶענט, אַז אוֹיבּ מֶען זָאל נִיט אַיינדרִיקֶען דֶעם אַרבּייטֶער־קלַאסס אִין דִיזֶע אַייזֶערנֶע צוואַנגֶען, ווֶעט עֶר בֶּעגרָאבֶּען אוּנטֶער דִי חוּרְבוֹת פוּן דֶער רֶעוואָלוּצִיֶע דִי אִינדוּסטרִיֶע, דֶעם מִסְחָר, דִי לַאנד־ווִירטשַׁאפט אוּן ווֶעט אִיבֶּער־הוֹיפּט קֵיין שָׂרִיד וּפָלִיט נִיט אִיבֶּערלָאזֶען פוּן דֶער גַאנצֶער מָאדֶערנֶער קוּלטוּר. דֶער שׁרֶעק פֶערבּלֶענדֶעט דִי אוֹיגֶען. אָבֶּער פַאר דִיזֶען נַארִישֶׁען שׁרֶעק פוּן דֶער בּוּרזשוּאַזִיֶע הָאבֶּען דִי פְּרָאלֶעטַארִיעֶר גֶעדַארפט צָאהלֶען מִיט זֵייעֶר בּלוּט אוּן פלֵייש. דֶער אֵייגֶענֶער פְּלַאס שׁרייבּט ווייטֶער, אַז „דֶער אַרבּייטֶער הָאט אִין דִיזֶער עֶפָּאכֶע קֵיין שׁוּם מֶעגלִיכקֵייט נִיט צוּ דֶערשׁלָאגֶען זִיךְ אַ שׁטִיקֶעל יוֹשֶׁר״. דִי רִיכטֶער פלֶעגֶען זֶעלטֶען ווֶען אוֹיסהֶערֶען דִי פֶערטהֵיידִיגוּנג פוּן דִי אַרבּייטֶער, אוּן אַז זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין יָא גֶעהֶערט, הָאבֶּען דָאס גֶעטָאהן מִיט אַזוֹי פִיעֶל אוּנגֶעדוּלד אוּן מִיט אַזאַ מִינֶע, גְלַייךְ ווִי דֶעם אַרבּייטֶער׳ס פֶערטהֵיידִיגוּנג וואָלט גֶעווֶעזֶען דִי גְרֶעסטֶע בֶּעלֵיידִיגוּנג פַאר דֶעם רִיכטֶער פֶּערזֶענלִיךְ. דֶער אַרבּייטֶער הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעקֶענט הָאפֶען אוֹיף אַן׳אוּרטהֵייל אָהן פְּנִיָּאה׳ס.

„אוֹיבּ מֶען וואָלט גֶעקֶענט״ ענדִיגט פְּלַאס „דִי אַלֶע פַאקטֶען פוּן אוּנגֶערֶעכטִיגקֵייטֶען אוּן בֶּעלֵיידִיגוּנגֶען, ווֶעלכֶע דִי אַרבּייטֶער הָאבֶּען אַרִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען דַאמָאלסט אִין דִי גֶערִיכטֶען, שִׁילדֶערֶען אִין אֵיין בִּילד, וואָלט אֲפִילוּ אִיצט, אֵיינִיגֶע יָאהר נָאךְ דֶעם, שׁווֶער גֶעווֶען צוּ גְלוֹיבֶּען, אַז דָאס אַלץ אִיז נִיט אוֹיסגֶעטְרַאכט, נָאר ווִירקלִיךְ גֶעשֶׁעהֶן״.

מֶעהר פַאר אַלֶעמֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פוּן דֶעם גֶעזֶעץ גֶעגֶען

קאַליציע" די אַרבייטער פון די בוים־וואָל־און געוואַנד־אינדוסטריע. מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז דער ערפאָלג פון דער בעוועגונג צווישען אָט דיזע אַרבייטער האָט געצוואונגען די פאַבריקאַנטען זיך צו אַיילען דורכצופיהרען דאָס געזעץ פון 1799־טען יאָהר; און, פערשטעהט זיך, אַז אָט דיזע אַרבייטער זיינען געוועזען די ערשטע, געגען וועלכע די קאַפּיטאַליסטען האָבען אָנגעווענדעט דאָס געוועהר, וואָס דאָס נייע געזעץ האָט זיי געגעבען געגען אַרבייטער־קלאַס; זיי האָבען בעקומען די ערשטע שלעג.

וואַיט און רענסאָן פערגלייכען די ווירקונג פון דעם געזעץ פון 1799־טען יאָהר מיט „אַ גרויסען מיהלשטיין" וועלכער הענגט אויף דעם האַלז פון די אַרבייטער. ביי יעדער טריט וואָס דער אַרבייטער וויל טהאָן, ביי יעדען מיטעל וואָס ער וויל אָנווענדען, כדי צו העכערען זיין אַרבייטס־לוין אָדער נאָר בלייבען ביי דעם פריהערדיגען, ערקלערט מען איהם, אַז ער טהוט געגענגעזעצליך.

אין יאָהר 1816 האָט זיך געענדיגט די לאַנג־דויערנדע עפּאָכע פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות. נאַפּאָלעאָן איז מיט דער מיטווירקונג פון אַלע מלוכות פערשיקט געוואָרען אויף דעם אינזעל „הייליגע־עלענא", אונד אין אייראָפּא האָט זיך אָנגעהויבען פריעדען. אַ מלחמה איז שטענדיג אַ פאָלקס־אונגליק נאָר אויך די פּלוצלונגע אויפהערונג פון אַ לאַנג־דויערנדער מלחמה, רופט געוועהנליך אויך אַרויס אַ שטאַרקע צורודערונג און דער פאָלקס־ווירטשאַפט. דאָס קומט פאָר דורך די פאָלגענדע סבות. אין דער צייט פון מלחמה פערגרעסערט זיך די נאָכפראַגע אויף אַ גאַנצע רייהע פּראָדוקטען, וועלכע זענען אין אַ פריעדליכע צייט אָדער גאָר נישט נוצליך, אָדער ווערען פערברויכט אין אַסך אַ קלענערער מאָס. די אינדוסטריע־צווייגען, וועלכע אַרבייטען אויס אָט די פּראָדוקטען, ווערען דאַמאָלסט אוננאַטירליך ענטוויקעלט. אַז די מלחמה הערט פּלוצלונג אויף, פאַלט פּלוצלונג די נאָכפראַגע אויף געוויסע סחורות און כמעט־לא דופט דאָס אַרויס אַ שטילשטאַנד אָדער אַ פאָלקאָמע רואינירונג אין די דאָזיגע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען.

אַזאַ מין קריזיס איז פאָרגעקומען אין ענגלאַנד אין 1816־טען יאָהר. די אינדוסטריע האָט זיך אָבגעשטעלט, די פּרייזען פון אַ גאַנצע רייהע סחורות איז געפאַלען; אַ גרויסער צאָהל אונטערנעהמער האָבען אָנגעהויבען אָבצוזאָגען זייערע אַרבייטער. די אַלגעמיינע

פֶערקלֶענֶערוּנג פוּן דִי פֶערְדינסטֶען הָאט גֶעצְווְאוּנגֶען דִי קַאפִּיטַאלִיסטֶען אָנצוּנעֶמֶען עֶנֶערגִישֶׁע מִיטלֶען. דִי אוּנטֶערנֶעהמֶער פוּן דֶער שטֶעדטִישֶׁער אוּן דָארפִישֶׁער אִינדוּסטריֶע הָאבֶּען אִיבֶּערַאל אָנגֶעהוֹיבֶּען גרִינדֶען פֶערְאֵיינֶען, כדי צוּ פֶערקלֶענֶערֶען, אוֹיף וְוִיפִיעל עֶס אִיז נָאר מֶעגלִיךְ, דֶעם אַרבֵּייטס־לוֹין פוּן זֵייעֶרֶע אַרבֵּייטֶער. לֵיידֶענדִיג דוּרךְ דֶער גרוֹיסֶער קָאנקוּרֶענץ פוּן דֶער אוּנגֶעהוֹיעֶרֶער אַרבֵּייטסלָאזִיגֶער אַרמֶעֶע, גֶעדרִיקט דוּרךְ דֶער אָרגַאנִיזִירטֶער קרַאפט פוּן דִי קַאפִּיטַאלִיסטֶען פוּן גַאנצֶען לַאנד, זֶענֶען דִי עֶנגלִישֶׁע אַרבֵּייטֶער נִיט גֶעוועֶזֶען בְּכח צוּ פֶערטהֵיידִיגֶען זֵייעֶרֶע אִינטֶערֶעסֶען אוּן זֵייעֶר מַאטֶערִיעֶלֶע לַאגֶע הָאט זִיךְ אִיבֶּערַאל פֶערֶערגֶערט. וְוִי דָאס קוּמט שׁוֹין אָפט פָאר בַּיי יֶעדֶען פלֶעצלִיכֶען קרִיזִיס, הָאט דִי פָאלקס־אוּנצוּפרִיעדֶענהַייט אָנגֶענוּמֶען אַ רֶעוואָלוּציאָנֶערֶען כַארַאקטֶער. אוֹיף דֶעם בָּאדֶען פוּן דִיעזֶער אוּנצוּפרִיעדֶענהַייט זֶענֶען אוֹיסגֶעוואַקסֶען דִי גֶעהֵיימֶע אָרגַאנִיזַאציֶעס, וְוִי שׁוועֶמלֶעךְ, אוּן אִין יָאהר 1819 הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיסגֶערוּפֶען אַ שטַארקֶע אוֹיפרֶעגוּנג צווִישֶׁען דֶעם אַרבֵּייטֶער־קלַאס אִין עֶנגלַאנד. נָאר דִי בּוּרזשוּאַזִיֶע אִיז גֶעוועֶזֶען אוֹיפ'ן וואַךְ. מִיט אַ גַאנצֶע רֵייהֶע אוֹיסנַאהמֶס־גֶעזֶעצֶען הָאט זִי דֶערשטִיקט דִי פָאלקס־אוֹיפרֶעגוּנג בַּאלד אִין שרש. דֶער פַּארלַאמֶענט הָאט אַרוֹיסגֶעגֶעבֶּען דִי זָאגֶענַאנטֶע „זֶעקס גֶעזֶעצֶען", וועֶלכֶע הָאבֶּען גֶעבּוּנדֶען דֶעם אַרבֵּייטֶער דִי הֶענד אוּן פִיס. לוֹיט דִי גֶעזֶעצֶען אִיז פֶערבָּאטֶען גֶעוואָרֶען יֶעדֶער מִין פֶערזַאמלוּנג אוּנטֶער'ן פרֵייעֶן הִימֶעל, דִי פָּאלִיצֵיי הָאט בֶּעקוּמֶען דָאס רֶעכט צוּ מַאכֶען הוֹיזזוּכוּנגֶען אָהן דִי עֶרלוֹיבּנִיס פוּן גֶערִיכט*). דִי אוֹיסגַאבֶּען פוּן דִי אַרבֵּייטֶער־צֵייטוּנגֶען זֶענֶען גֶעוועֶזֶען שרֶעקלִיךְ בֶּעשׁווֶערט דוּרךְ דֶעם אוּנגֶעהוֹיעֶרֶען שטֶעמפֶּעל־שטֵייעֶר; עֶנדלִיךְ זֶענֶען נָאךְ פֶערשטַארקט גֶעוואָרֶען דִי גֶערִיכטס־שטרָאפֶען פַאר יֶעדֶען גֶעדרוּקטֶען אַרטִיקֶעל מִיט אַ רֶעוואָלוּציאָנֶערֶען אִינהַאלט.

אִין דֶער עֶפָּאכֶע פוּן דִי שרֶעקלִיכֶע פֶערפָאלגוּנגֶען זֶענֶען דִי אַרבֵּייטֶער־פֶערְאֵיינֶען אִין גַאנצֶען גֶעפַאלֶען. דָאס אִיז נִיט קֵיין חידוש. יֶעדֶער פֶערשטֶעהט וואָס פַאר אַ צוּשטֶערוּנגס־ווִירקוּנג דִי

---

*) דער „געזעץ וועגען פערזענליכע אונבעריהרליכקייט" („Habeas corpus act"). פערוועהרט דער ענגלישער פאליציי צו מאכען ווילקירליך הויזזוכונגען אין די וואהנונגען פון בירגער. אין ענגלאנד קען געמאכט ווערען א הויזזוכונג אדער ארעכט נאר לויט דער פעראָרדנונג פ'ן געריכט.

מאַססען=אַרבײַטס=לאָזיגקײַט מוז האָבען אויף די אַרבײַטער=פּערֿאײַנען.
ווען אַ גאַנצע רײַהע מיטגליעדער פון פערֿאײַן פערלאָזען די שטאָדט
און שלעפּען זיך פון אײן אָרט צום צווײַטען, זוכענדיג אַ שטיקעל
פּערדינסט, ווערט ממלא די אָרגאַניזאַציע צושטערט. אָט אין אַזאַ
לאַגע האָבען זיך געפונען אין די 20-טע יאָהרען דער גרעסטער
טײַל אַרבײַטער=פערֿאײַנען, פערצווײַפעלטע דורך דער אַרבײַטס־
לאָזיגקײַט און אָרעמקײַט, פאַלענדיג אונטערן יאָך פון דעם
פּאָליצײַאישען דעספּאָטיזם, (די זעקס געזעצען) זענען די אַרבײַטער
ניט געווען אים שטאַנד צו פיהרען אַנאָרגאַניזירטען אונד סיסטע=
מאַטישען קאַמפּף. אין די 20־טע יאָהרען האָבען נאָך די אַרבײַטער
געבילדעט אַ צערשטרויטע מאַסע: די פערֿאײַניגונג קומט
פאָר נאָר אין דער צײַט פון אַ שטרײַק און ווערט
צושטערט גלײַך ווי דיעזער ענדיגט זיך.

אין ענגלאַנד האָט אין אָנהויב XIX-טען יאָהרהונדערט נאָך
עקזיסטירט אַ גאַנצע רײַהע אינדוסטריע=צווײַגען=וואו די האַנד=
אַרבײַט פון גוט געלעהרטע אַרבײַטער=ספּעציאַליסטען האָט נאָך
געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. די לאַגע פון אַזעלכע ספּעציאַליסטען
איז אפילו אין די ערגסטע צײַטען אויך געוועזען ניט קײַן שלעכטע.
ווי שטאַרק עס זענען געוועזען זײַערע פערבאַנדען, בעווײַזט אונז
דער פערבאַנד פון די קאַרטון=אַרבײַטער, וועלכער האָט זיך געפונען
אין אַ גלענצענדען צושטאַנד אין די 20=טע יאָהרען פון XIX־טען
יאָהרהונדערט, ד. ה. פונקט אין דער צײַט, ווען כמעט די
מעהרהײַט פון די אַרבײַטער=אָרגאַניזאַציעס זענען פערניכטעט
געוואָרען אין קאַמפּף מיט די אינגגינסטיגע אויסערליכע בעדינגונגען.
די בעדײַטונג פון דעם קאַרטון=אַרבײַטער־פערבאַנד איז געווען אַזוי
גרויס, אַז די אונטערנעהמער, ניט קוקענדיג אויף דעם געזעץ פון
1799=טען יאָהר, האָבען מיט זײ גאָרניט געקענט טהאָן, און
אין יעדען סיכסוך מיט די אַרבײַטער האָבען זײ כמעט שטענדיג
געמוזט אָבטרעטען.

אָט אין וואָס פאַר אַ נעביכדיגע ווערטער גיסט אויס זײַן
ביטער האַרץ אַ מאַנטשעסטערער פאַבריקאַנט אין אַ בראָשורע,
וועלכע איז געוועזען געריכטעט געגען די קאַרטון=אַרבײַטער (1815).
„מיר האָבען געמוזט אײנער נאָך דעם אַנדערען אַייך נאָכגעבען,
חאָטש באמת האָבען מיר געדאַרפט ענערגיש קעמפּפען געגען

אײערע פאָדערונגען. זײענדיג פערבלענדט מיט דעם נצחון, האָט איהר צוגעשטעלט צו די פריהערדיגע פאָדערונגען נאָך אַנדערע, און אונזער לאַגע ווערט פשוט אונערטרעגליך. איהר בעשטימט די צאָהל פון אונזערע אַרבײטער און איהר נעמט ניט אַרײן אין אײערע רײהען יענע אַרבײטער, װעלכע מיר שטעלען אויף דער אַרבײט אנשטאָט די, װאָס איהר האָט פערטריבען. איהר שטעלט אָפּט אָב אַלײן די מאַשינען, און אײער חוצפה דערגעהט אַזוי װײט, אַז איהר ברענגט פֿאַר אונז אין די אויגען די װאַלצען. איהר װילט ניט אַרבײטען בײ נאַכט בײ בעלײכטונג און איהר צווינגט נאָך דערצו די לעהר-אינגלען אויך. איהר יאָגט אַװעק אונזערע אויפזעהער, װען זײ געפעלען אײך ניט, און איהר צווינגט אונז צו נעמען אַזעלכע מענשען, װאָס זענען אונז ניט אנגענעהם. אַחוץ דעם, אנשטאָט אָבצוגעבען אײערע בעל-בתים עהרע און כבוד, ערלויבט איהר זיך בעגעהן מיט אונז מיט פעראַכטונג; איהר װאַרפט אונז אויף אויף יעדען שריט און טריט פערזענליכע בעלײדיגונגען".

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז אַלע שטרענגהײטען פון דעם געזעץ געגען קאָאַליציע האָט װעניג װאָס אָבגעשװאַכט די קראַפט פון די געלעהרטע אַרבײטער-פעראײנען. דער אינדוסטריעלער קריזיס אין יאָהר 1816 האָט אויף זײ געהאַט אַ גרעסערע װירקונג. דאָ האָט אפילו די אַרבײטער אַריסטאָקראַטיע אויך דערפיהלט, אַז די לעבענס-מדרגה איז אַביסעל נידעריגער געװאָרען, נאָר ניט אַזוי שטאַרק װי די פשוטע אַרבײטער. דאָס איז קײן חדוש ניט: אַן אַרבײטער אַ ספּעציאַליסט קען פערבײטען װערען נאָר דורך אַן אַנדער ספּעציאַליסט, דעריבער האָט פאַר זײ כמעט ניט עקזיסטירט קײן קאָנקורענץ פון דער אַרבײטסלאָזיגער אַרמעע. אַדאַנק דער גליקליכער לאַגע, האָבען די געלערנטע אַרבײטער ניט נאָר אויסגעהאַלטען זײערע פערבאַנדען, נאָר זאָגאַר אויך געהאַט די מעגליכקײט אין די 20טע יאָהרען אָנהויבען אַ סיסטעמאַטישען קאַמפף געגען „געזעץ װעגען קאָאַליציע". אַלס אָנפיהרער אין דיזען קאַמפף איז אַרויסגעטראָטען פראַנסיס פלאַס (אַקלוגער סוחר); איהם איז געלונגען צו געפינען אַ טרײען בונדעס-חבר — דעם מיטגליד פון פּאַרלאַמענט-הומע, װעלכער האָט פון זײן זײט װײטער אַרום זיך גרופּירט אַ קרײז פּאַרלאַמענטאַרישע ראַדיקאַלען, װאָס האָבען

מיטגעפיהלט מיט דער אָבשאַפונג פון געזעץ געגען די אַרבייטער־פעראיינען.

פערשטעהט זיך, אַז די קרעפטען זענען נאָך געוועזען צו וועניג פאַר אַנ׳אָנגעפאַנגענעם קאַמפף אין פלאַס׳ס פראָיעקט האָט זיך געקענט איינגעבען נאָר מיט אַ רמאות. אין יאָהר 1824 איז העמע׳ן געלונגען צוצושטעפען צו אַ געזעץ־פראָיעקט גאָר וועגען אַנ׳אַנדער ענין אַ פאַראַגראַף, וועלכער פאָדערט מען זאָל אָבשאַפען „דאָס געזעץ געגען קאָאַליציע״. דער געזעץ־פראָיעקט האָט אַרויסגערופען לעבהאַפטע וכוחים אין פאַרלאַמענט, און די דעפוטאַטען, וועלכע זענען געוועזען פערקאָכט אין די דעבאַטען, האָבען כמעט ניט בעמערקט דעם צוגאָב. וועגען דעם איז אפילו ניט געוועזען קיין שום ידיעה אין די ציישונגען, און דעריבער האָבען די קאַפּיטאַליסטען וואָס האָבען נאָך דאַמאָלס ניט געהאַט זייערע אייגענע פאָרשטעהער אין פאַרלאַמענט *), גאָר נישט געוואוסט, אַז זיי שטעהן אין אַזאַ געפאַהר. אין דעם יאָהר 1824 איז האַמע׳ס פראָעקט געוואָרען אַ געזעץ, און אַלע בעגרענצונגען געגען די אַרבייטער־פעראיינען זענען אָבגעשאַפט געוואָרען.

פלאַס און זיינע חברים די אַרבייטער, האָבען געפייערט זייער נצחון. נאָר זייער שמחה איז געוועזען אַביסעל צו פריה. דער קאַמפף האָט זיך ניט נור ניט געענדיגט, נאָר בעצם ערשט אָנגעהויבען. די בשורה וועגען די פעראיינס־פרייהייט האָט אַרויסגערופען אַ געהויבענע שטימונג און בעגייסטערונג צווישען דעם אַרבייטער־קלאַסס אין ענגלאַנד. איבעראַל איז אויסגעוואַקסען נייע אַרבייטער־פעראיינען. בוימוואָלשפינער, וועבער, געוואַנד־אַרבייטער, די אַרבייטער פון די שיף־ווערפען און נאָך אַנדערע אַרבייטער־קאַטעגאָריען, וועלכע האָבען פערלאָרען זייערע פעראיינען אין דער שווערער צייט 1799–1824 יאָהרען, האָבען זיך אויף׳ס ניי פעראייניגט, און אין אַ משך פון 2–3 חדשים, האָבען זייערע אָרגאַניזאַציעס ערגרייכט אַ גרויסע קראַפט. עס האָבען אויסגעבראָכען אַ גאַנצע רייהע שטרייקען, צווישען וועלכע דער שטרייק פון די שיף־

*) אין אנהויב XIX־טען יאהרהונדערט זענען אין ענגלישען פארלאמענט געזעסען כמעט נאר לארדען. נאר אין יאהר 1822 איז די קאפיטאליסטען געלונגען דורכצופיהרען דעם „ביל וועגען רעפארמען״, וועלכער האט פיר זיי געעפענט די טיהרען פון פארלאמענט.

בוי־אַרבּייטער האָט זיך געפיהרט בּעזאָנדערס ליידענשאַפטליך און ענערגיש.

פערשטעהט זיך, אַז די אויפלעבּונג פון דער אַרבּייטער־בּעוועגונג איז זעהר ניט געפעלען געוואָרען די אונטערנעהמער. די קאַפּיטאַליסטען פון גאַנץ ענגלאַנד האָבּען אויפגעהויבּען אַ שרעקליכען גערודער, און דער פּאַרלאַמענט האָט בּעקומען הונדערטע פּעטיציעס, וועלכע האָבּען געפאָדערט מען זאָל תיכף „איינהאַמעווען" די אַרבּייטער. דיעזער ליאַרם האָט געהאַט אַ ווירקונג; די רעגירונג האָט ווייטער אָנגעהויבּען רעדען, מען זאָל וויעדער איינפיהרען די געזעצען פון 1799-1824 יאָהר, און נאָכגעבּענדיג די פאַבּריקאַנטען האָט מען בּעשטימט אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט בּעדאַרפט אַם גיכסטען לעזען די פראַגע. נאָר דאָ האָט די רעגירונג זיך אָנגעשטויסען אויף אַ שטאַרקען און אָרגאַניזירטען ווידערשטאַנד פון די פאָלקס־מאַססען. די אַרבּייטער פעראיינען, וועלכע זענען אין דיעזער קורצער צייט פון די אונבּעשטימטע געזעצען אויסגעוואַקסען און שטאַרק געוואָרען, האָבּען אָנגעהויבּען צו פיהרען אַן ענערגישע אַגיטאַציע געגען דעם פראָיעקט פון די פאַבּריקאַנטען און האָבּען לייכט אויפגעהויבּען דעם גאַנצען אַרבּייטער־קלאַסס אין ענגלאַנד.

אויף אַזאַ אופן איז די רעגירונג געבּליבּען ווי אין קלעם: פון איין זייט האָבּען די צורואינירטע פאַבּריקאַנטען געפאָדערט, מען זאָל אונבּעדינגט פערווערען די אַרבּייטער־פעראיינען, פון דער אַנדער זייט ווייטער האָבּען די אויפגערעגטע אַרבּייטער אויך אומבּעדינגט געפאָדערט פרייהייט פאַר די פעראיינען. לאַווירענדיג צווישען די בּיידע פיינדליכע צדדים, האָט די ענגלישע רעגירונג אויסגעקליבּען דעם מיטעל־וועג, דעם וועג פון געגענזייטיגע הנחות. אין יאָהר 1825 האָט מען נאָכגעגעבּען די פאַבּריקאַנטען און וויעדער פערבּאָטען פּאָליטישע קלובּען. יעדער מין געוואַלד־טהאַט, אין דריקונג פון דער אָרגאַניזאַציע אין דער בּעציהונג צו איינצעלנע פערזאָנען איז אַנערקענט געוואָרען פאַר געגענגעזעצליך. נאָכגעבּענדיג די אַרבּייטער, האָט מען ערלויבּט פעראיינען, וועלכע שטעלען זיך דעם ציעל אויפצוהויבּען דעם אַרבּייטס־לוין. אויף אַזאַ אופן זענען די ענגלישע אַרבּייטער־פעראיינען צום ערשטען מאָל אין 1825־טען יאָהר געוואָרען לעגאַל. נאָר פון דעם האַלבּען אַנערקענען בּיז צו פאָלקאָמע פעראיינס־פרייהייט איז נאָך געוועזען

זעהר וויִיט. ווי מיר וועלען שפּעטער זעהען, האָט מען נאָך בּעדאַרפט גאַנצע פופציג יאָהר, איידער עס איז געלונגען דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט צו פערווירקליכען די אָרגאַניזאַציאָנס-פרייהייט אין פולען זין פון וואָרט.

## V

## די גרויסע נאַציאָנאַלע פעראיינען.

אין דער עפּאָכע, ווען ס׳האָט געהערשט דאָס „אַלגעמיינע געזעץ געגען קאָאַליציע" האָבען די אַרבּייטער-פעראיינען געטראָגען אַנ׳אָרטיגען כאַראַקטער, אַריינעמענדיג אַלס פעראיין־מיטגלידער די אַרבּייטער פון איין שטאָדט, אָדער פון איין אינדוסטריעלען געגענד. אמת טאַקע, אַז אפילו דאַמאָלסט בּעמערקט זיך שוין אָפּטמאָל אַ שטרעבּונג צו אַ בּרייטערע פעראייניגונג, צו פעראייניגען דעם פּראָלעטאַריאַט פון פערשיעדענע ענגלישע שטעדט. נאָר דיזע שטרעבּונגען האָבּען פאָרט ניט געבּראַכט צו קיין שטאַרקע און רעגולער-פונקציאָנירענדע אָרגאַניזאַציעס. די שטרעבּונג האָט זיך נאָר אויסגעדריקט אין צייטווייליגע אָרגאַניזאַציעס צוליעב וועלכען עס איז ספּעציעלען ציעל. אַזוי, למשל, בּיי עטליכע גרויסע שטרייקען זענען אַרבּייטער פון פערשיעדענע שטעדט אַריינגעטרעטען אין שטענדיגע בּעציהונגען צווישען זיך מיט דעם ציעל צו שטיצען די שטרייקענדע, דאָס אייגענע האָט מען אויך געטהאָן בּיי אַ געריכטס-פּראָצעס פון וועלכען-עס-איז אָרטיגען פעראיין. נאָכדעם, אַז דער שטרייק אָדער געריכטס-פּראָצעס פלעגט זיך ענדיגען, פלעגען צוריק אָבּגעריסען ווערען די בּעציהונגען. הייסט דאָס, אַז דאָ קען מען נאָך ניט רעדען וועגען אַ בּעוואוסטזיניגע סאָלידאַריטעט צווישען דעם אַרבּייטער-קלאַס פון ענגלאַנד. מיר זעהען נאָר שוואַכע קערענדלעך פון דעם קלאַססען בּעוואוסטזיין.

נאָך דעם ווי עס איז אָבּגעשאַפט געוואָרען דאָס געזעץ פון 1799-טען יאָהר, האָט זיך דאָס בּילד אַבּיסעל געענדערט. די אידעע וועגען אַלגעמיינע סאָלידאַריטעט צווישען דעם גאַנצען אַרבּייטער-קלאַסס אין ענגלאַנד איז אַלע מאָל מעהר פערשפּרייט געוואָרען; עס האָבּען זיך שוין אָנגעהויבּען איינצוואָרצלען מעהר אָדער וועניגער קלאָרע בּעגריפען וועגען די סאָציאַלע אויפגאַבּען פון דעם אַרבּייטער

קלאַסס; עס האָבען זיך שוין בעוויזען די טעאָרעטיקער פון דעם זאָגענאַנטען „אוטאָפּיסטישען" סאָציאַליזם, פון וועלכען בראש איז געשטאַנען דער בעריהמטער מאַן ראָבערט אָווען.

מיר האָבען אָנגערופען ראָבערט-אָווענ'ס טעאָריע אוטאָ-פּיסטישער סאָציאַליזם. וואָס איז דאָס אַזוינס? אָווען האָט געלערנט, אַז די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן דאַרף אָבטרעטען איהר אָרט דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן, וואו די אַרבייטס-געצייג וועלען געהערען ניט צו יחידים נאָר דער גאַנצער געזעלשאַפט.

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז אין זיינע ציעלען שטעהט אָווען אויף דעם שטאַנדפּונקט, וואָס די מאָדערנע סאָציאַליסטען, דעריבער איז זיין טעאָריע אַ סאָציאַליסטישע. אָבער פאַר וואָס איז דיעזער סאָציאַליזם אַ אוטאָפּיסטישער? אין וואָס בעשטעהט די אוטאָפּיע? אָווען האָט זיך אַזוי פאָרגעשטעלט: די סאָציאַליסטישע אָרדנונג איז די בעסטע יושר'דיגע געזעלשאַפטליכע איינריכטונג; אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען אם בעסטען צופרידען געשטעלט די אינטערעסען און בעדערפניסען פון אַלעמען אָהן שום אונטערשיעד, און דעריבער דאַרף יעדערער צי אַ פאַבריקאַנט, צי אַנ'אַרבייטער, צי אַנ'אַרענדאַטאָר, צי אַ לאָרד, מיטהעלפען דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט, שטרעבען צום סאָציאַ-ליזם, אויב ער וועט נאָר פערשטעהען, וואָס פאַר בעזאָנדערס גוטע מעלות דער סאָציאַליזם האָט אין פערגלייך מיט דער היינטיגער בורזשואַזער אָרדנונג.

אַזוי האָט אָווען גערעכענט, און ער האָט זיך טאַקע געווענדעט מיט זיין לעהרע צו אַלע געזעלשאַפטליכע שיכטען, ער האָט געגרינדעט קאָאָפּעראַטיווע (פּראָדוקטיווע און קאָנסום) חברות צווישען די אַרבייטער, ער האָט געזוכט איבערצייגען די קאַפּיטאַליסטען זיי זאָלען איהם נאָכטהאָן. ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט זיין אידעע די מיניסטאָרען, ער האָט אפילו צושיקט אויסגעאַרבייטע פּראָעקטען צו אַלע אייראָפּייאישע מאָנאַרכען, בעת זיי זענען זיך צונויפגעפאָרען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטישער קאָנפערענץ. אויף דעם ערשטען בליק קען אויסוויזען, אַז אָווענס חברות זענען זעהר איבערצייגענדע און באמת דער סאָציאַליזם איז אַ גליק פאַר אַלע מענשען, יעדער מענש שטרעבט צו זיין

גליק, ממלא קומט אויס, אַז יעדער מענש דאַרף שטרעבען צום סאָציאַליזם. — וואָס קען זיין נאַטירליכער און פּשוטער פון אַזאַ שלוס?

דער טעות פון אָוועָן (ווי אויך פון אַ סך אַנדערע אוטאָפּיסטען ווי, למשל, אונזער גרויסער שרייבער לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי) בעשטעהט אין דעם, וואָס לויט זייער מיינונג האָבען אַלע מענשען איין מאָראַלען יסוד און אַ גלייכען בעגריף וועגען גוט און שלעכט. באמת איז עס אָבער נישט אַזוי. די היינטיגע געזעלשאַפט בעשטעהט ניט פון איינאַרטיגע מענשען מיט גלייכע אינטערעסען און מיט גלייכע בעגריפען וועגען גוט; זי בעשטעהט פון פערשיעדענע, אָפטמאָל פיינדליכע קלאַססען, און עס קומט דעריבער אויס, אַז דאָס, וואָס פאַר איין קלאַסס איז גוט, איז שלעכט פאַר דעם אַנדערען קלאַסס און פערקעהרט. צווישען מענשען פון פערשיעדענע קלאַססען איז ניט נאָר ניטאָ קיין פאָלשטענדיגע מאָראַלישע איינהייט, מעהרסטענטהיילס קענען זיי זיך אפילו ניט פערשטעהן איינער דעם צווייטען. מיר וועלען דאָס ערקלערען מיט אַ משל:

דער 8 שעה'דיגער אַרבייטס-טאָג, טענה'ט דער פּראָלעטאַריער, איז אַ פאָדערונג פון דער נאַטירליכער גערעכטיגקייט. כדי זיך אַרויסצושלאָגען פון דער שפּל'דיגער לאַגע פון אַרבייטער-בהמות, כדי מיר זאָלען קענען ווערען מענשען אין אמת'ען זין פון וואָרט, מוזען מיר ענטוויקלען אונזערע גייסטיגע בעדערפניסען, פערנעהמען זיך מיט גייסטיגע אַרבייט און נעהמען אַ ברייטען אַנטהייל אין פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון אונזער פאָלק. נאָר דאָס אַלץ קען מען נאָר דאַמאָלסט עררייכען, ווען מיר וועלען האָבען אין טאָג לכל הפחות אַזוי פיעל פרייע צייט, וויפיעל מיר גיבען אַוועק דער פיזישער אַרבייט. אַראָבנעהמענדיג פון מעת לעת 8 שעה שלאָפען, בלייבט דאָך 16 שעה, און אַ העלפט פון 16 איז פונקט 8; הייסט דאָס, אַז ביי אַן 8 שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג בלייבט אונז אַ האַלבער טאָג צו בעפרידיגען אונזערע העכערע בעדערפניסען, און דאָס נאָך אויך ניט אין גאַנצען, ווייל דערפון דאַרף מען דאָך נאָך אַראָברעכענען צייט אויף מיטאָג, אויף צוגעהען פון פאַבריק אַ היים א. ז. וו. מיט דעם 8 שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג, זאָגט ווייטער דער פּראָלעטאַריער, ענדיגען זיך נאָך ניט אונזערע אַלע פאָדערונגען: דאָס איז נאָר

די ערשטע, די איינפאַכסטע פאָדערונג: אויב מען וועט שוין אפילו איינפיהרען אַזא ארבייטס־טאָג, וועט דאָס נאָך אויך נישט זיין דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער יושר. דאָס קען נאָר פערניכטען די ווילדסטע אונגערעכטיגקייט פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג. אַנ׳ 8 שעה׳דיגען ארבייטס טאָג?! פילדערט דער קאַפּיטאַליסט. דאָס הייסט דאָך פאַרקלענערען מיין ריוח כמעט אויף העלפט. דאָס וואָלט געוועזען די גרעסטע אונגערעכטיגקייט! דער ריוח איז די נאַטורליכע אַנוואַקסונג פון מיין קאַפּיטאַל. ארייַנמישען זיך אין דעם האָט קיינער קיין רעכט ניט, אפילו די רעגירונג אַליין. די ארבייטס־בעדינגונגען אויף מיין פאַבריק דאַרפען זיין בעשטימט לויט אַ פרייען אָבמאַך צווישען מיר און מיינע אַרבייטער. דאָס שטאַמט פון הייליגען אייגענטהומס־פּרינציפּ אַליין. אויב די רעגירונג וועט צוליעב דער ווילדער מאַססע בעשטימען אַנ׳ 8 שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג, וועט דאָס זיין די גרעסטע אונגערעכטיגקייט, דער גרעסטער געוואַלדטהאַט, וועלכע איז ווען ס׳איז פאָרגעקומען אין דער געשיכטע. דאָס פּריוואַט־אייגענטומס־רעכט, דער שטאַרקסטער פונדאַמענט פון יעדען נאָרמאַלען צוזאַמענלעבען, וועט ביז׳ן גרונד צוטרייסעלט ווערען. הייסט דאָס, אַז סיי דער קאַפּיטאַליסט, סיי דער פּראָלעטאַריער ווענדען זיך ביידע צום מאָראַלען אידעאַל, רופען צו גערעכטיגקייט. נאָר דאָס, וואָס פאַר איינעם איז די גרעסטע גערעכטיגקייט, איז פאַר דעם צווייטען די גרעסטע אונגערעכטיגקייט. די בעגריפען וועגען יושר, גוטס, גליק א. אז. וו. שפּיגלען נאָר אָב אין זיך די קלאַסען־אינטערעסען, און אַזוי ווי די אינטערעסען פון קאַפּיטאַליסט און פון פּראָלעטאַריער זענען געגענזעצליך, פערשטעהט זיך, אַז זייערע מאָראַלע אידעאַלען זענען אויך געגענזעצליך. עס איז קלאָר, אַז קיין איבעראיינשטימונג, קיין שום געמיינזאַמע געזעלשאַפטליכע אַרבייט קען צווישען די ביידע קלאַסען ניט עקזיסטירען—דאָ איז מעגליך נאָר דער קאַמפּף.

אָט דאָס האָט אָווען ניט פערשטאַנען. ער האָט געהאַלטען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג פאַר אַ „נאַטירליכע אָרדנונג" און האָט געמיינט אַז יעדער לאָגיש דענקענדער מענש מוז פערשטעהן איהר צוועק מעסיגקייט. לויט אָווען׳ס מיינונג איז דער קאַפּיטאַליזם,

וועלכער ברענגט די פאָלקסמאַסען דלות און אונטערדריקונג, נאָר אַ פּשוטער „טעות" פון מענשען; ער איז נאָר אַ פּראָדוקט פון זייער אונוויסענהייט און נאַרעשקייט. מען דאַרף נאָר פאַנאַנדער־טרייבען די פינסטערניש, בעווייזען די צוקינפטיגע אָרדנונג אין איהר גאַנצער פּראַכט און וואַהרהייט און די הייגטיגע מענשהייט וועט זיך פּשוט דערשרעקען פאַר די איצטיגע נידערטרעכטיגקייטען, און ווי אַ בלינדער, וואָס האָט פּלוצלונג דערזעהן די ליכטיגע שיין, וועט זי זיך מיט בעגייסטערונג און ענטוזיאַזם אַ וואָרף טהאָן אין די אַרמען פון דער „נייער מאָראַלער וועלט" *). פערשטעהט זיך, אַז לויט אָווען'ען איז דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם ניט קיין לאַנגזאַמע שריטווייזע ענטוויקלונג, נאָר אַ פּלעצליכע איבערקעהרעניש, וועלכע וועט ווי אַ בליץ בעלייכטען די פינסטערניש פון הייגטיגען לעבען. דער סאָציאַליזם דאַרף אַריינקומען אין דער וועלט פּלוצלונג און אונבעמערקט און כדי ער זאָל באמת קומען, דאַרף מען ניט קיין שום קאַמפּף, מען דאַרף ניט די אוננוצליכע מלחמות, מען דאַרף נאָר פּריוואַדליכע מוסר און ביישפּיעלען" אין לעבען. אין די צוויי ווערטער „מוסר" און „ביישפּיעלען"־בעשטעהט אָווען'ס גאַנצע פּראַקטישע פּראָגראַם. ער האָט געגרינדעט ביי זיך אין דער פאַבריק אין ניו־לאַנאַרק אַ פּראָדוקטיוו־געגאָסענ־שאַפט, כדי צו בעווייזען אַ ביישפּיעל פון דער צוקינפטיגער אָרדנונג. ער האָט אַגיטירט, געגרינדעט אָרגאַניזאַציעס פון זיינע אָנהענגער אין דער ענגלישער אינטעליגענץ און פּראָלעטאַריאַט מיט דעם איינציגען צוועק צו פערגרעסערען די רייהען פון די פּרעדיגער. אַלע קאַמפּפס־אויפגאַבען זענען געווען פּרעמד אָווען'ס אָרגאַניזאַציעס, נאָר פון אַלע אַרטען קאַמפּף האָט ער אַם ווענינסטען סימפּאַטיזירט מיט דעם פּאָליטישען קאַמפּף. לויט זיין מיינונג איז די פּאָליטיק נאָר אַ ממשלה פון נידערטרעכטיגע פּערזענליכע אינטריגען... ער האָט דעריבער געראַטהען די אַרבייטער זיך ניט אַריינצומישען אין פּאָליטיק.

די פּראַקטיק האָט אונז געוויזען, אַז אָווען האָט זיך שטאַרק טועה געווען. נאָר די עראָבערונג פון פּאָליטישע

*) „די נייע מאראלע וועלט" — אזוי רופט זיך דאס הויפּט ווערק פון ראבערט אווען.

רעכטען גיט די אַרבייטער פון אַלע לענדער און פעלקער די מעגליכקייט דורכצופיהרען און צו פערטהיידיגען יענע מאַסרעגעלען, וועלכע זענען די פאָרבערייטונגס־שטופען צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג, און נאָר מיט דער הילף פון דער פּאָליטישער מאַכט, קען דער אַרבייטער־קלאַס אין גאַנצען איבערבויען די היינטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג.

אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז די טעאָריע פון אָווען און זיינע אָנהענגער איז געווען פול מיט איינפאַכע קינדערשע חלומות. נאָר דיזע חלומות זענען ניט געווען קיין רעזולטאַט פון אונוויסענהייט. שוין דער פאַקט אַליין, אַז צוזאַמען מיט אָווען האָבען אַ גאַנצע רייהע געניאַלע מענשען (פוריע, סען־סימאָן) זיך אויך געהאַלטען דיזעלבע אַנזיכטען וועגען דער סאָציאַלער רעוואָלוציע*) בעווייזט שוין, אַז די סבה פון די אוטאָפּיסטישע קורצזיכטיגקייט דאַרף מען זוכען טיעפער, אין די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען פון דאַמאָלסדיגען לעבען גופא.

אין דער עפּאָכע פון די סאָציאַלע אוטאָפּיסטען האָט דער קאַפּיטאַליזם איבערגעלעבט זיין „גילדערנע וואָך". דער רעגירונגס־שוץ איבער דער פּראָדוקציאָן איז געפאַלען צוזאַמען מיט די לעצטע חורבות פון פעאָדאַליזם, פון דער טריאומפירענדער בורזשואַ האָט שטאָלץ ערקלערט דער וועלט דעם „הייליגען פּרינציפּ פון פרייע קאָנקורענץ". אַלע פּרוזשינעס פון ווירטשאַפטליכען מעכאַניזם פון דער געזעלשאַפט זענען געווען אין די הענר פון דער בורזשואַזיע. און אין אַלע געביטען סיי פון פּראַקטישען לעבען, סיי פון טעאָרעטישען געדאַנקען האָט אונבעגרענצט געהערשט די בורזשואַזיע. די בורזשואַזיע און נאָר די בורזשואַזיע האָט געשפּיעלט די אָרגאַניזאַטאָרישע ראָלע פון דעם „קאָמאַנדירענדען" קלאַס. אין פּראָלעטאַריאַט האָט געהערשט אַ פּערשטיקטע, אונבעוואוסטזיניגע אויפרעגונג. זיין ברענענדער צאָרן געגען דעם דריקענדען יאָך, וואָס איז אויף איהם געלעגען, האָט זיך אויסגעגאָסען אין די פאָרם

*) דער בעוואוסטער פ־אנצויזישער אוטאפיסט פוריע איז געוועזען אזוי זיכער אין דער אונבעזיגבארער קראפט פון זיין לעהרע, אז ער פלעגט יעדען טאג פון 12 ביז 1 זיצען אין שטוב און ווארטען אויף א געוויסענהאפטען קאפּיטאליסט, וועלכער זאל מנדב זיין א מיליאָן כדי צו פערווירקליכען די ערשטע סאציאליסטישע קאלאניע. פערשטעהט זיך, אז קיינער איז נישט געקומען.

פוּן פערניכטוּנג און צוּשטערוּנג: ער האָט געבּראָכען די מאַשינען׳
חרוּב געמאַכט די פאַבּריק=געבּײַדעס, נאָר ער האָט פאַר זיך ניט
געהאַט קײַן בּעשטימטען, קלאָרען ציעל. אין דיעזער עפּאָכע האָט
דער אַרבּײַטער=קלאַס נאָר געוואוּסט די נעגאַטיווע זײַטען
פוּן זײַן לאַגע, ער האָט געקרעכצעט אוּנטער דעם יאָך פוּן
עקספּלוּאַטאַציע, מאַסענווײַז אוּמגעקומען פוּן אַרבּײַטסלאָזיגקײַט.
אין לעבּען, וועלכער האָט איהם אַרוּמגערינגעלט, האָט ער ניט
געזעהען קײַן שוּם ליכטיגען שטראַל, קײַן שוּם מעגליכקײַט צוּ
געפינען אַ שטיץ=פּוּנקט, צוּ פיהרען אַ פּאָזיטיווע אַרבּײַט פיר זײַן
בּעפרײַאוּנג. עס האָבּען נאָך דאַמאָלסט ניט עקזיסטירט די גרויסע
פּראָפעסיאָנעלע פעראײנען, וועלכע פעראײניגען איצט אַלע
אַרבּײַטער פוּן ענגלאַנד און לײַגען בּיסלעכווײַז דורך אַ וועג
צוּ דער פערוואַלטוּנג מיט דער פאָלקס=ווירטשאַפט. אַזעלכע
אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פערוואַנדלען בּיסלעכווײַז דעם פּראָלעטאַריאַט
פוּן אַ פּשוּטען לעבּעדיגען געזעלשאַפטליכען פּראָדוּקציאָנס=
מאַטעריאַל אין אַ בּעוואוּסטזיניגען אָנפיהרער, אַזעלכע
אָרגאַניזאַציעס זענען נאָך אין אָוועןס צײַטען נישט מעגליך
געוועזען. דאַמאָלסט זענען די מאַסען פוּן פּראָלעטאַריאַט נאָך
געוועזען אין דער לאַגע פוּן אַרבּײַטס=פיה, פוּן לעבּעדיגע מאַשינען.
צוּ אַ בּעוואוּסטזיניגען קאַמפּף פאַר זײַנע אינטערעסען, איז נאָך
דער פּראָלעטאַריאַט ניט פעהיג געוועזען. זײַן זעלבּסטשטענדיגער
פּאָליטישער קאַמפּף האָט דאַמאָלסט נאָר וואָס אָנגעהויבּען אויס=
צוּשפּראָצען. עס האָט גאָר קײנער ניט געגלויבּט, אַז אָט די
דערשלאָגענע מאַסע וועט אַלײן קעמפּפען פאַר איהר בּעפרײַאוּנג,
אַז זי וועט זײַן אַ טרײַבּ־קראַפט, וועלכע וועט גרינדליך אוּמענ=
דערען די געזעלשאַפטליכע אָרדנוּנג. די סאָציאַלע אוּטאָפּיסטען
איז נאָר געבּליבּען אײן עצה: אויסצוּטראַכטען אַ פּלאַן צוּ בּעפרײַען
דעם פּראָלעטאַריאַט אָהן זײַן זעלבּסטשטענדיגען קאַמפּף. מיט
אײן וואָרט, זײערע אַלע פּראַקטישע פּלענער ערקלערען זיך נאָר
מיט דער דאַמאָלסטיגער לאַגע פוּן פּראָלעטאַריאַט.

ניט נאָר אין די פראַגען פוּן פּראַקטישע טהעטיגקײַט, נאָר
אַפילוּ אין זײַן אידעאַל, אין זײַן בּעגריף וועגען דער צוּקינפטיגער
געזעלשאַפט טראָגט דער סאָציאַלער אוּטאָפּיזם אַ קלאָר אויסגעדריקטען

שטעמפּעל פון דער ראַמאָלסטדיגער אונציַיטיגער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדנונג.

אין אָנהויב XIX־טען יאָהרהונדערט איז די פּראָדוקציאָן איבעראַל געוועזען צוּוואָרפען אין קליינע זעלבסטשטענדיגע אונ־טערנעהמונגען: דער געמיינזאַמער אינערליכער צוזאַמענהאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט האָט זיך אַרויסגעוויזען זעהר ניט קלאָר, און אַפילוּ אין ענגלאַנד האָט די גרויס־אינדוסטריע נאָך אויך ניט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע.

פערשטעהט זיך, אַז פאַר די סאָציאַלע אוטאָפּיסטען האָט זיך די סאָציאַלע אָרדנונג פאָרגעשטעלט ניט אַלס אַ גאַנצע צוזאַמענגעשמאָלצענע אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער פאָלקס־ווירטשאַפט, נאָר אין דער פאָרם פון אַ גאַנצע רייהע קליינע פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען, וועלכע טוישען זיך פריי מיט די פּראָדוקטען. אידעאַלען פאַלען איבערהויפּט ניט אַראָב פון הימעל; זיי נעהמען שטענדיג זייער אינהאַלט פון אַרומיגען לעבען. ווי מיר זעהען האָבען די סאָציאַלע אוטאָפּיסטען גענומען פאַר זייער אידעאַל די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער דער ראַמאָלסטדיגער קאַפּיטאַליזם האָט זיך פערקערפּערט; זיי האָבען נאָר אומגעביטען די אַרגאַניזאַטאָרען: אָנשטאָט זעלבסטשטענדיגע קאַפּי־טאַליסטען האָבען זיי אַוועקגעשטעלט זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער־פעראיינען, די מיטגליעדער פון די חברות.

אין אָוועָן'ס ציַיטען איז אַזאַ שטאַנדפּונקט געוועזען זעהר נאַטירליך, ווייל ער איז פאָלקאָם געוועזען צוגעפּאַסט צו די לעבענס־בעדינגונגען. גאַנץ אַנדערס איז אָבער איצט, ווען די אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן האָט שוין ערריַיכט די העכסטע ענטוויקלונגס־מדרגה. פון דעסטוועגען געפינען מיר נאָך אַפילוּ היינט אַרבייטער איבערהויפּט אין די יונגע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווי למשל אונזער רוסלאַנד, וואו עס הייבט זיך ערשט אָן די סאָציאַליסטישע בעוועגונג, וועלכע שטעלען זיך פאַר דעם סאָציאַליזם, אַלס אַ פרייען פערבאַנד פון בעזונדערע גענאָסענ־שאַפטליכע פאַבריקען. פאַר אַנ'אַרבייטער, וועלכער האָט ערשט אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען זיין געזעלשאַפטליכער לאַגע, שטעלט זיך פאָר אַזאַ לעזונג פון דער אַרבייטער־פראַגע די איינ־פאַכסטע און די פּשוט'סטע. ער טראַכט זיך אַזוי: דאָס הויפּט

שלעֶכטס, וועלכע מען מוז אויסראָטען, איז די עֶקספּלואַטאַציע פון
די אַרבּייטער און דעריבּער דאַרף מען נאָר בּעזייטיגען דעם
פאַבּריקאַנט, איבּערגעבּען די פאַבּריק · די אַרבּייטער, וועלכע
אַרבּייטען אויף איהר, און ס'וועט שוין אַלץ גוט זיין! וואָס קען
זיין איינפאַכער און בּעסער? נאָר אַזוי דוכט זיך נאָר. בּאמת איז
דאָ פאַראַן צוויי אירטהומען. ערשטענס, קען מען דורך קיין
איינצעלנע גענאָסענשאַפטען ניט פערניכטען דעם קאַפּיטאַליזם.
די קאַפּיטאַליסטען וועלען אין אַלגעמיין זיין שטענדיג שטאַרקער
פאַר די קליינע אַרבּייטער־גענאָסענשאַפטען. ווען די אַרבּייטער
וואָלטען זיך צוגעהערט צו אָוועןס עצות, וואָלט אפשר עטליכע
אָרגאַניזאַציעס געלונגען צו ווערען פּראָדוקטיוו=גענאָסענשאַפטען,
אָבּער ס'איז גאָר אונמעגליך, אַז אַ ל ע איינצעלנע אַרבּייטער=
גענאָסענשאַפטען זאָלען ווערען אייגענטהימער פון פאַבּריקען.
צווייטענס וויעדער ווען דער פּלאַן וואָלט שוין אַפילו געלונגען,
ווען אַפילו אויף דעם אָרט פון אַלע קאַפּיטאַליסטען פון לאַנד,
וואָלטען אויסגעוואַקסען זעלבּסטשטענדיגע אַרבּייטער=גענאָסענ=
שאַפטען, וואָלט דאָס נאָך אויך ניט הייסען די פאָלקאָמע
פערווירקליכונג פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. אמת טאַקע,
אַז דאָ וואָלט שוין פערניכטעט געוואָרען די עקספּלואַטאַציע פון
פרעמדע אַרבּייטער; די אַרבּייטער וואָלטען אין דער זעלבּער צייט
אויך זיין בּעלי־בּתים; נאָר דער אַנדערער יסוד פון קאַפּיטאַליזם,
דער וואַרען=מויש, די קאָנקורענץ פון איינצעלנע סחורה־פּראָ=
דוצענטען, די פּראָדוקציאָנס=אַנאַרכיע, וועלכע שטאַמט דערפון,
וואָלט פערבּליבּען אויף ווייטער. פּונקט ווי פריהער וואָלטען די
פּראָדוקטען געוואָרען סחורות, די אַרבּייטער=גענאָסענשאַפטען,
האַנדלענדיג מיט זייערע פּראָדוקטען, וואָלטען מוזען אָנהויבּען
צווישען זיך קאָנקורירען. אין דער קאָנקורענץ וואָלט אַ טייל
גענאָסענשאַפטען זיעגען, דער אַנדערער פאַלען.

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז אויבּ אַפילו אָוו ען'ס פאַנטאַ=
זיעס וואָלטען מקוים געוואָרען, וואָלט אין אַ משך פון אַ קורצע
צייט אַ גרויסע צאָהל אַסאָציאַציעס חרוב געוואָרען, און די
געזעלשאַפט וואָלט סוף כל סוף צופאַלען פּונקט ווי פריהער אויף
אַ גרויסע מאַסע פּראָלעטאַריער אונד אַ קליינע הייפעלע קאַפּיטאַ=
ליסטען. בּיי דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג דאַרפען די פּראָדוקציאָנס=

מיטלען זיין דאָס אייגענטהום נ י ט  פ ו ן  א י י נ צ ע ל נ ע  געגאָסען־שאַפטען, נאָר פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וויל נאָר ביי אַזעלכע בעדינגונגען וועט מען קענען אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן לויט די בעדערפניסען פון אַלע מענשען. נאָר דאַמאָלס וועלען די פּראָדוקטען אויפהערען זיין סחורה, און באַלד ווי מען וועט זיי אויסארבייטען וועלען זיי צוטיילט ווערען צווישען אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט לויט יערענס בעדערפניס. פון דעם זעהט מען שוין, אַז פערווירקליכען אַזאַ אָרדנונג זענען ניט בכח קיין איינצעלנע אַרבייטער־גרופּפּען.

אין דער פּראַקטיק אָבער האָבען  אָ וו ע ן׳ס  אָנהענגער געמוזט אָנווענדען זייער אויפמערקזאַמקייט אויף די אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט. די ווירקליכקייט האָט זיי באַלד בעוויזען, אַז זייערע אידעען קענען האָבען אַנ׳ערפאָלג נאָר צווישען פּראָלעטאַריאַט.

אָ וו ע ן׳ס אידעען זענען געוועזען אַם מעהרסטענס פּאָפּולער צווישען די ענגלישע אַרבייטער אין אָנהויב דרייסיגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט. אין דיזער עפּאָכע האָט זיך געגרינדעט אַ גאַנצע רייהע פערעאיינען, וועלכע האָבען געפּרובט דורכפיהרען אין לעבען  אָ וו ע ן׳ס פּראָגראַם. די אַלע פעראיינען האָבען דעם געמיינזאַמען אויסערליכען סימן דאָס זיי בענוגענען זיך ניט מיט דעם, וואָס זיי פעראייניגען די אַרבייטער פון איין שטאָדט אָדער פון איין אינדוסטריעלען ראַיאָן, נאָר זיי שטרעבען אַרומצונעמען ווי וויים מעגליך דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס פון ענגלאַנד. די ערשטע פּראָבע צו פערווירקליכען די אידעע פון אַ אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פעראייניגונג פון גאַנצען פּראָלעטאַריאַט איז געמאַכט געוואָרען דורך די אַרבייטער פון בוימוואָל־אינדוסטריע. די גלאַזגאָ׳ער בוימוואָל־שפּינער האָבען נאָך אין אָנהויב פון פאָריגען יאָהרהונדערט ניט איין מאָל געפּרובט איינשטעלען פעסטע בעציהונגען צווישען די לאַנקאַשירער און שאָטלאַנדער אַרבייטער־פעראיינען; נאָר בעת עס האָבען געהערשט די געזעצען געגען קאָאַליציע איז זיי ניט געלונגען צו ערגרייכען אין דעם הינזיכט וועלכע ס׳איז בעדייטענדע ערפאָלגען. דער ערשטער אומשטאַנד, וועלכער האָט געצוואונגען די בוימוואָל־שפּינער ערנסט זיך צו פערנעמען מיט דער פראַגע וועגען אַנ׳אַלגעמיינע פעראייניגונג, איז געוועזען דער האַלביאָהריגער שטרייק אין מאַנטשעסטער אין

1812־טען יאָהר. דער שטטקייק האָט קלאָר בעוויזען די מאַנטשעסטער אַרבייטער, אַז די אָרטיגע פערייניגען מיט זייערע איינצעלנע כחות זענען ניט אים שטאַנד צו קעמפּפען מיט דער קאָאַליציע פון די פאַבריקאַנטען.

די מאַנטשעסטער אַרבייטער האָבען פאָרגעלייגט אַלע שפּינערײ־פעראיינען פון ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד שיקען זייערע דעלעגאַטען צו בעהאַנדלען די פראַגע וועגען די פעראייניגונג אין איין אַלגעמיינעם פערבאַנד. די דעלעגאַטען האָבען זיך פערזאַמעלט אין דעצעמבער 1829־טען און דער רעזולטאַט פון זייער בעראַטונג איז געוועזען די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהייסען „דער גרויסער אַלגעמיינער פעראיין פון די שפּינער אין דער פעראייניגטער מלוכה". דער פעראיין האָט בעדאַרפט אַרומנעמען אַלע שפּינער מאַנסלייט פון דער פעראייניגטער מלוכה ד. ה. ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד (די פרויען האָט מען רעקאָמענדירט זיך פערבינ־ען אין בעזונדערע פעראיינען). די אָבערפערוואַלטונג איז געלעגען אין די הענד פון דרײַ נאַציאָנאַלע קאָמיטעטען: ענגלישער, שאָטלאַנדער און אירלענדער; כדי צו פעראייניגען זייער טהעטיגקייט איז בעשטימט געוואָרען דאָס יעדען יאָהר זאָל פאָרקומען אַ צוזאַמענפאָהר פון זייערע דעלעגאַטען. באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַזאַ מין אָרדנונג איז ניט בעקוועם, און אַנשטאָט דרײַ זעלבסטשטענדיגע קאָמיטעטען איז בעשטימט געוואָרען איין צענטראַל־קאָמיטעט אין מאַנטשעסטער. אַזוי האָט זיך געגרינדעט דער ערשטער פון די גרעסטע נאַציאָנאַלע אַרבייטער־פערבאַנדען אין ענגלאַנד. עקזיסטירט האָט ער ניט לאַנג: אין יאָהר 1831 נאָך אַ ניטגעלונגענעם שטרייק (אין אַלטאָן) איז ער צופאַלען. די שפּינער זענען אָבער גיך געקומען צו זיך נאָך דיזער מפּלה. אין יאָהר 1833 האָבען זיי ווייטער געגרינדעט אַנ׳אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד אונטער דעם נאָמען: „די געזעלשאַפט פון נאַציאָנאַלע אויפלעבונג". פון נאָמען אַליין זעהט מען, אַז דער ציעל פון פערבאַנד איז געוועזען די פאָלקאָמע איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט לויט אָוועןʼס פּלאַן. אַלס די נעהענסטע און דירעקטע אויפגאַבע האָט דער פערבאַנד געשטעלט ערקעמפּפען אַנ׳8 שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג. כדי דאָס צו ערדייכען, איז אָנגענומען געוואָרען דער

פאָלגענדער בעשלוס: דעם 1־טען מערץ ד. ה. דעם טאָג ווען עס וועט אָנגענומען ווערען דאָס געזעץ, וועלכער בעגרענצט דעם ארבייטס־טאָג מיט 8 שעה, דארפען אַלע ערוואַקסענע אַרבייטער פאָדערען, אַז דאָס געזעץ זאָל בעשטימען אַנ׳8 שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג, אַלס דעם גרעסטען אַרבייטס־טאָג פאַר אַלע אַרבייטער, און דער אַרבייטס־לוין, וועלכען זיי בעקומען יעצט, זאָל זיין בעשטימט אַלס דער קלענסטער ביי אַנ׳8 שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג. די פאָדערונג האָט דער פעראיין געהאָפט צו ערהייכען דורך אַנ׳אַלגעמיינעם שטרייק פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס פון ענגלאַנד. נאָר ווען עס איז אָנגעקומען דער בעשטימטער טאָג, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז אונמעגליך צו נייגען אַלע אַרבייטער צום שטרייק. דער שטרייק איז אין גאַנצען ניט געלונגען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען מחלוקות צווישען די מיטגליעדער פון פעראיין און אין גיכען איז דער פעראיין צופאַלען.

אין יאָהר 1832 האָט דער „אַלגעמיינער פעראיין פון די בוי־אַרבייטער" געהאַט זעהר אַ גרויסען שם צווישען ענגלישען פראָלעטאַריאַט. דער פעראיין האָט אַרומגענומען צעהנדליגע טויזענדער אַרבייטער, און ער האָט אויסגעאַרבייט אַנ׳אויסגעהאַלטענע אָרגאַניזאַציאָנס־סיסטעם. אין יעדען אָרט האָבען זיך די בוי־אַרבייטער אָרגאַניזירט אין קליינע פעראיינען לויט זייערע פראָפעסיעס. אַזעלכע קליינע אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס האָבען געהייסען לאָזשען (אויף אַזאַ אופן האָט אין יעדער שטאָדט עקזיסטירט אַ לאָזשע פון שטיין אַרבייטער, אַ לאָזשע פון סטאָליאַרעס א. ז. וו.) אַלע לאָזשען וועלכע האָבען זיך געפונען אין איין אינדוסטריע־ראַיאָן, האָבען אויסגעקליעבען דעלעגאַטען, וואָס האָבען געבילדעט די זאָגענאַנטע „ראַיאָן־לאָזשען". אַלע ראַיאָן־לאָזשען זענען נאָר געווען אָבטיילונגען פון דער צענטראַל אָדער „גרויסער" לאָזשע, וועלכע האָט פערוואַלטעט איבער אַלע פעראיינען. אין דער שפּיצע פון דער צענטראַל־לאָזשע איז געשטאַנען: אַ גראָסמייסטער, ווייצע גראָסמייסטער און אַ סעקרעטאַר פון פעראיין. די נעמען פון די בעאַמטע און פון די פעראיין־אָבטהיילונגען (לאָזשע, גראָסמייסטער) האָבען די אַרבייטער גענומען ביי די פריידענקענדע אַנטיקאַטאָלישע געזעלשאַפט,

וועלכע האט ליעב געהאט אַרויפצואוואַרפען אויף זיך אַ געהיימ־ניספאָלען שלייער, בײַ די פּריימויערער לאָזשע. און ניט נאָר די נעמען נאָר אַלע אויסערליכע הלכות פון די פעראייגס־פערזאַמלונגען, האָבען זײ אויך גענומען בײַ די געהײמע רעליגיעזע געזעלשאַפטען, וועלכע זענען געוועזען אין אָנהויב XIX־טען יאָהרהונדערט זעהר פערשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. אַלע מעהר אָדער וועניג וויכטיגע ענינים פון פעראיין זענען דורכגעפיהרט געוואָרען מיט פערשידענם געהיימניספאָלע צערעמאָניעס. די מיטגליעדער פלעגען קומען אויף די פערזאַמלונגען אין ספּעציעלע פאַנטאַסטישע בגדים. זײ האָבען געהאַט אַ גאַנצע רייהע פאַראָלען, פערשידענע געהיימע צייכען, דורך וועלכע די מיטגליעדער פון דער זעלבער לאָזשע האָבען געהאַט די מעגליכקייט זיך צו ערקענען. בײַם אָננעמען נײַע מיטגליעדער פלעגט מען זײ צווינגען אָבצוגעבען אַ פײַערליכע שבועה, אַז זײ וועלען אונבעדינגט זיין געהאָרכזאַם און היטען די געהיימניסען פון פערבאַנד. דיזער געהיימניספאָלער שלייער, וועלכער דעמאָנט אונז אָן מיטעל־אַלטער, איז בעצם געוועזען אין גאַנצען איבריג. חאָטש דער פערבאַנד האָט פונקט ווי אַלע איבריגע אָווען׳ישע אָרגאַניזאַציעס, געשט־רעבט צו אַ פאָלקאָמע געזעלשאַפטליכע איבערקערעניש, האָט ער פון דעסטוועגען ניט געמאַכט און ניט געוואָלט מאַכען קיין שום פערשווערונגען. ער האָט געקעמפפט פיר זײַנע ציעלען מיט אָפענע לעגאַלע מיטלען. פון דעסטוועגען האָט דער פערבאַנד אַרויפגעוואָרפען אויף דער בורזשואַזיע אַ מורא׳דיגען שרעק און טאַקע צוליעב זײַנע געהיימניספאָלע צערעמאָניעס. די בורזשואַזיע האָט געמיינט, אַז אויב אַ מענש מהואט זיך אָן אַ הילע און זיצט בײַ נאַכט בײַ שוואַרצע טישען, וועלכע זענען געציערט מיט שאַרבענס און ביינער, מוז אין זיין נשמה אויך ליעגען שוואַרצע און גרויליכע מחשבות. דער פּחד פון דער בורזשואַזיע האָט זיך נאָך פערגרעסערט, ווען די אַרבייטער־פעראיינען האָבען אין יאָהר 1832 ערקלערט אַ שטרייק און אָנגעהויבען רעדען מיט די אונטערנעהמער אויף אַזאַ לשון, אין וועלכען עס האָט געקלונגען דער בעוואוסטזיין פון זייער מאַכט און פעראַכטונג צום שונא. מיר וועלען ברענגען אַ מוסטער פון דער דאָזיגער שפּראַך: „מיר אַנערקענען אייך פאַר שולדיג — שרייבט דער פעראיין, ווענדענדיג

זיך צו די אונטערנעהמער — אין דעם, וואס איהר בעציהט אייך ניט מיט פאסענדער אכטונג צו אונזערע סטאטוטען, און מיר האלטען פאר גערעכט אייך שטרענג דערפאר צו בעשטראפען".
אין אנ'אנדערע פראקלאמאציע וועגען דעם שטרייק זאגט זיך ווייטער: „איהר דארפט אבצאהלען יעדען, וועלכער האט געמוזט שטרייקען צוליעב אייער עקשנות, פאר יעדען טאג צו 4 שילינג (2 רובל)". אזא טאן האט די קאפיטאליסטען שטארק אויפגערעגט.
אין יאהר 1833 איז פארגעקומען די בעראטונג פון די אונטער-נעהמער פון בוי-ארבייט, וואו עס איז בעשטימט געווארען ניט נאר ניט צו ערפילען די פאדערונגען פון די ארבייטער, נאר אנ-צוּווענדען אלע קרעפטען, כדי צו צושטערען דעם פעראיין. עס איז בעשטימט געווארען, אז קיין אונטערנעהמער טאר ניט צונעהמען ק.ן שום ארבייטער, כל זמן יענער וועט ניט געבען קיין פארמעלע חתימה, אז ער טרעט ארויס פון פערבאנד*).
די ארבייטער האבען אויך בעשטימט קעמפפען ביז צום סוף. 270 דעלעגאטען האבען זיך פערזאמעלט אויף א בעראטונג כדי צו בעהאנדלען די קאמפפס-מיטלען געגען די אונטערנעהמער. די שטימונג ביי די ארבייטער איז געווען זעהר א געהויבענע און א פרעהליכע. זיי זענען ניט נאר געווען זיכער אין זייער נצחון, זיי האט זיך אפילו אויסגעוויזען, אז די וועלט שטעהט איצט כמעט אויף דעם שוועל פון דער סאציאליסטישער ארדנונג. אט וואס עס האט געשריבען אין דער פעראיינס-צייטונג איהר רעדאקטאר: „א גוט איינגעארדענטער פעראיין — אט דאס איז אלץ וואס מען דארף, כדי צו פערטרייבען די ארעמקייט פון אונזער געזעלשאפט. מיר וועלען איצט אויספרובען דעם בעריהמטען כח פון קאפיטאל. איהר וועט באלד זעהען די נישטיגקייט פון דיזער קראפט, ווי באלד נאר מען וועט ביי איהר צונעמען דאס רעכט צו עקספלואטירען אונזער ארבייט. די ארבייט איז די איינציגע זאך, וואס בעשאפט רייכטהום; אין גיכען וועט זי שטעהן העכער פון די אכזריות'דיגע געלד, אין גיכען וועלען די קאפיטא-ליסטען זיך מוזען ווענדען צו אונז מיט א בקשה, אז איהר זאלט זיי בעפרייען פון זייער פערמעגען, וועלכער וועט פערלירען יעדען

*) אזא מין פאדערונג איז דערנאך געווארען זעהר אין מאדע ביי די ענגלישע אונטערנעהמער. זי איז בעוואוסט אונטער דעם נאמען „ציישטעלען א דאקומענט".

ווערטה". אָט אִין דִי ווערטער האָט זִיךְ קלאָר אַרויסגעוויזען דִי שטִימונג פון אַלע אַרבּייטער פון פעראַיין. דִי רעדען פון דִי בּעראַטונגס-מִיטגלִידער זענען געוועזען פול מִיט בּעגייסטערונג און גלענצענדע האָפענונגען. ראָבּערט אָווען אַליין האָט אויך בּעזוכט דִי פערזאַמלונגען און לויט זיין פאָרלאַגע איז אִין בּירמִינ-האַם פאָרגעקומען אַ פייערלִיכע גרינדונג פון אַ „הויז פִיר דעם בּוי-פעראַיין". דאָס הויז האָט געזאָלט דִיענען אַלס אַן אָרט אויף זִיצונגען פאַר דעם צענטראַל-קאָמִיטעט פון פעראַיין און אויך אַן ערציהונגס-אַיינרִיכטונג פאַר דִי בּירגער פון דער „צוקונפטִי-גער וועלט".

דִי שעהנע האָפנונגען פון דעם „בּוי-אַרבּייטער-פעראַיין" זענען אַזוי גִיךְ צושטרויט געוואָרען, ווִי גִיךְ זיי זענען אויסגעוואַקסען. דער אַרבּייטער-שטרייק אִין לִיווערפול און אִין מאַנטשעסטער האָט געלִיטען אַ פאָלקאָמע מפלה. דִי פרעהלִיכע שטִימונג האָט זִיךְ גִיךְ פערבּיטען אויף אַ טרויערִיגע. דִי מִיטלען זענען שוין געוועזען אויסגעשעפט. עס האָבּען זִיךְ אָנגעהויבּען מחלוקות אִין געגענזייטִיגע בּעשולדִיגונגען צווִישען פערשִידענע טיילען פון פערבּאַנד. דִי גאַנצע אָרגאַנִיזאַציע איז אִין גִיכען אִין גאַנצען צופאַלען.

מִיר וועלען נאָךְ אָנווייזען אויף איין „גרויסען פערבּאַנד", וועלכער איז אויסגעוואַקסען אַ יאָהר נאָךְ דער מפלה פון דעם „אַלגעמיינעם פעראַיין פון דִי „בּוי-אַרבּייטער". אִין יאָהר 1834 איז געווען אַ צוזאַמענפאָהר פון אָווען'ס אָנהענגער. כדי צוצוגרייטען דעם אִיבּערגאַנג צו דער צוקונפטיגער אָרדנונג, האָבּען דִי אָוועניסטען בּעשלאָסען צו פעראייניגען דִי אַרבּייטער פון אַלע פאַכען אִין אַ גרויסען נאַציאָנאַלען פעראַיין.

אִין דעם אייגענעם יאָהר איז געלונגען צו פערווִירקלִיכען דעם פלאַן. עס איז געגרִינדעט געוואָרען אַן אָרגאַנִיזאַציע אונטער דעם נאָמען „דער גרויסער נאַציאָנאַלער אַרבּייטער-פעראַיין". אִין דעם פראָגראַם פון דעם פעראַיין איז אַ חוץ דִי געוועהנלִיכע אויפגאַבּען פון דעם אַלטעגלִיכען קאַמפף אויךְ אַריינגעגאַנגען דִי אויפגאַבּע: העלפען אִיבּערבּויען דִי געזעלשאַפט. מען האָט פאָר-געלייגט דינגען ערד און אויסבּויען גענאָסענשאַפטלִיכע פאַבּרִיקען. בּאַלד ווי עס האָט זִיךְ נאָר פערשפרייט דִי ידיעה וועגען דעם

פערֿאיין, האָבען זיך פֿון אַלע געגענדען אַ שאָט געטהאָן אַלץ נײַע און נײַע מיטגליעדער. עטליכע וואָכען נאָך דער גרינדונג האָט דער פֿעראיין שוין געציילט אַ האַלב מיליאָן מענשען. איבער גאַנץ ענגלאַנד האָבען ארומגערייזט אַגיטאַטאָרען, וואָס האָבען פֿערשפּרייט די אידעען פֿין פֿעראיין און צוגעצויגען נײַע מיטגליעדער. דער גיכער וואוקס פֿון דעם פֿעראיין האָט איבערגעשראָקען די בורזשואַזיע. דער פּאַרלאַמענט האָט בעשטימט אַ קאָמיסיע אין וועלכער עס איז אַריינגעגאַנגען דער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט סעניאָר אין נאָך עטליכע יוריסטען, אויסצופאָרשען די פֿראַגע וועגען די אַרבײַטער־פֿעראיינען. דער בעריכט פֿון די עקספּערטען איז געוועזען צוזאַמענגעשטעלט אין בלויז שוואַרצע פֿאַרבען. לויט זייער מיינונג שטעהט ענגלאַנד אויף דעם ברעג פֿון אָבגרונד צוליעב דעם „רעספּאָטיזם“ פֿון די אַרבײַטער־פֿעראיינען; אויב מען וועט ניט אַיינהאַמען די אַרבײַטער־מאַסע מיט דעם אַלטען געזעץ פֿון 1799־טען יאָהר, קען מען ניט זיין זיכער, אַז ענגלאַנד וועט ניט אונטערגעהן.

נאָר די רעגירונג האָט זיך ניט ערלויבט אָנצונעהמען אַזעלכע שטרענגע מיטלען: זי האָט געפֿיהלט, אַז אומקעהרען דאָס געזעץ פֿון 1799־טען יאָהר הייסט בעשאַפֿען אַן ערנסטע סכנה פֿאַר די ענגלישע בורזשואַזיע, דען דאָס וואָלט זיכער אַרויסגערופֿען אַ רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג צווישען די אַרבײַטער. אַ חוץ דעם איז אין גאַנצען איבעריג אומצוקעהרען דאָס געזעץ געגען קאָאַליציע. אין געזעץ פֿון יאָהר 1825, ווי מיר האָבען שוין דערמאָהנט, איז געוועזען פֿערבאָטען יעדער געוואַלדטהאַט, סטראַשונקעס און דרוק. אַ חוץ דעם איז נאָך נישט געוועזען אָבגעשאַפֿט דאָס געזעץ געגען פֿערשווערער.

אויפֿ'ן ווילדסטען אופֿן האָט מען אויסגענוצט דיזען געזעץ אין פּראָצעס געגען די מיטגליעדער פֿון דער דאָרטשעסטערער דאָרפֿישער אָבטיילונג פֿון „דעם גרויסען נאַציאָנאַלען פֿערבאַנד“. עטליכע פּויערים פֿון דאָרף טאָלפּודל אין דאָרטשעסטער זענען בעשולדיגט געוואָרען אין אַ פֿערשווערונג און מען האָט זיי פֿער'משפט אַרויסצושיקען אויף 7 יאָהר הייל דערפֿאַר, ווײַל זיי זענען אַרײַנגעטרעטען אין „גרויסען נאַציאָנאַלען פֿערבאַנד און

אײנגעאָרדענט און דאָרף אַ פײַערליכע צערעמאָניע בעת מען האָט געעפענט די אָבטײלונג פון פערבאַנד.

אַלס פּראָטעסט געגען דאָרטשעסטערער פּראָצעס, איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטײליגט ניט װעניגער װי 30,000 מענשען. די דעמאָנסטראַציע איז געוועזען דער לעצטער פּונק פון דעם אַלגעמײנעם ענטוזיאַזם, וואָס דער „גרויסער נאַציאָנאַלער פערבאַנד" האָט אויפגעוועקט צווישען דעם אַרבײטער־קלאַס אין ענגלאַנד אין די ערשטע חדשים פון זײן עקזיסטענץ. אַ גאַנצע רײהע ניט געלונגענע שטרײַקען אין יאָהר 1834 און 1835 האָבען אויף אַ סך פערקלענערט די צאָהל פון די מיטגליעדער פון דער אָרגאַניזאַציע און דער „גרויסער נאַציאָנאַלער פערבאַנד" איז אַזוי גיך אַראָב פון סצענע פּונקט ווי אַלע, וועלכע זענען געוועזען פאַר איהם.

הײסט דאָס, די גרויסע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון די דרײַסיגער יאָהרען האָבען געהאַט אַ פאָלקאָמע מפּלה. זײער גורל איז געוועזען, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, כמעט דערזעלביגער. אין אָנהויב אַ געוואַלדיגע געהויבענע שטימונג, אַ אונגעהויערער שנעלער וואוקס, פײַערליכע פּראָקלאַמירונג פון דער ברײטער סאָציאַל־אוטאָפּיסטישער פּראָגראַם, נאָכהער קלײנע מיספערשטענדניסען, וועלכע וואַקסען זיך פאַנאַנדער אין גרויסע מחלוקות און ענדליך אַ גיכע און פאָלקאָמע מפּלה בײַ דער ערשטער ערנסטער פּראָבע אָנצוהויבען דעם קאַמפּף פאַר די פערווירקליכונג פון אָט די הויכע צילען.

מיר זעהען, אַז דאָס לעבען אַלײן האָט אַרײַנגעטראָגען אויסבעסערונגען אין אָווען'ס טהעאָריע בײַ יעדער פּראָבע צו פערווירקליכען זי אין דער פּראַקטיק. פאַר אָווען אָדער פאַר זײַנע תלמידים זענען די פערא‍ײנען נאָר געוועזען פעראײנען פון אַגיטאַטאָרס, וועלכע האָבען געדאַרפט ווירקען אויף מענשען דורך איבערצײגונג און בײַשפּיעלען. ניט קוקענדיג דערויף האָט דאָך דער גרויסער נאַציאָנאַלער פערבאַנד, אונטער דעם אײנפלוס פון די אַרומיגע בעדינגונגען, ניטווילענדיג זיך געשטעלט אויף דעם באָדען פון קלאַסען־און פּאָליטישען־קאַמפּף.

קײן ערפאָלג האָבען זײ אין דעם הינזיכט אויך ניט געהאַט.

און עֶס אִיז נִיט קײַן חידוש. דעֶר עֶנגלִישעֶר פּראָלעֶטאַריאַט פון די דרײַסִיגסטעֶ יאָהרעֶן האָט פעֶרמעֶגט אַ בִּיסעֶל צו פִּיעל יוגעֶנדלִיכעֶן, פײַעֶרדִיגעֶן גלויבעֶן, אָבעֶר צו וועֶנִיג בעֶוואוסטזִינִיגקײַט פאַר זײַנעֶ אויפגאַבעֶן.

אִין מִיטעֶן 30־עֶר יאָהרעֶן ענדִיגעֶן זיך די פּראָבעֶס צו גרִינדעֶן נאַציאָנאַלעֶ פעֶראײנעֶן.

אִין אִין דִיזעֶר עֶפּאָכעֶ האָט זִיך די לאַגעֶ פון די עֶנגלִישעֶ אַרבײַטעֶר אויף אַזוי פִיעל פעֶרגרעֶסעֶרט, אַז זײַ זײַנעֶן נִיט געֶוועֶן בכח צו פִּיהרעֶן אַ שטעֶנדִיגעֶ אָרגאַנִיזאַציע, אַפילו אִין אַזאַ אִיבעֶרפלעֶכלִיכעֶר פאָרמעֶ, ווי די נאַציאָנאַלעֶ פעֶרבאַנדעֶן אִין די 30־עֶר און 40־עֶר יאָהרעֶן. אִין סוף דרײַסִיגעֶר יאָהרעֶן האָט די אַרבײַטסלאָזִיגקײַט אַרומגעֶנומעֶן אונגעֶהײעֶרעֶ פּראָלעֶטאַרִישעֶ מאַסעֶן: נִיט נאָר די פּשוטה־נִיט געֶלעֶרנטעֶ אַרבײַטעֶר האָבעֶן געֶלִיטעֶן שרעֶקלִיכעֶ אָרעֶמקײַט, נאָר אַפילו די געֶלעֶרנטעֶ אַרבײַטעֶר האָבעֶן בעֶדײַטעֶנד פעֶרלאָרעֶן זײַעֶר פּרִיווִילעֶגירטעֶ לאַגעֶ, און זײעֶר לעֶבעֶנס־צושטאַנד האָט זִיך נִידרִיג אַראָבגעֶזעֶצט. צולִיעב דִיזעֶ סבּות אִיז אִין דעֶר עֶפּאָכעֶ פון 1837—42־עֶר יאָהרעֶן די עֶנטווִיקלונג פון די אַרבײַטעֶר־פעֶראײנעֶן אָבגעֶטראָטעֶן אויף דעֶם לעֶצטעֶן פּלאַן פון פּאָלִיטִישעֶן קאַמפּף. די אַרבײַטעֶר־פעֶראײנעֶן זעֶנעֶן פעֶרשוואונדעֶן געֶוואָרעֶן אונטעֶר די כוואַליעֶס פון טשאַרטִיזם *).

אִין אָנהויב 40־עֶר יאָהרעֶן האָבעֶן זִיך די לעֶבעֶנס־בעֶדִינגונגעֶן פון די אַרבײַטעֶר פעֶרבעֶסעֶרט און מִיר בעֶמעֶרקעֶן שײן ווײַטעֶר אַ אויפלעֶבונג אִין דעֶר טהעֶטִיגקײַט פון די אַרבײַטעֶר־פעֶראײנעֶן,

אִין יאָהר 1843 האָט צורִיק אָנגעֶהויבעֶן עֶקזִיסטִירעֶן דעֶר

---

*) טשארטיזם איז געוועזען א פאליטישע בעוועגונג פון ענגלישען פּראלעטאריאט אין די 40-ער יאהרען, וועלכע האט זיך געשטעלט דעם ציעל זיך צו דערשלאגען פון פּארלאמענט די פאלגענדע פאדערונגען: אלגעמיינע וואהלרעכט, געהיימע אבשטימונג, גלייכע וואהל־ראיאנען, געהאלט די דעפּוטאטען, די פערניכטונג פון דעם פערמעגענס־צענז פאר די דעפּוטאטען. — אט די אלע פאדערונגען זענען געווען צוזאמען געשטעלט אין דער זאגענאנטער „כארטיא", פון וועלכער עס שטאמט דאסווארט טשארטיזם (אויף ענגליש הייסט א כארטיע „טשארטער"). נים קוקענדיג אויף די אונגעהויערע ענערגיע און רעוואלוציאנערע בעגייסטערונג, האבען די טשארטיסטען קיין ערפאלג נים געהאט און א טייל פון זייערע פאדערונגען איז ערשט פערווירקליכט געווארען אין דער אנדער־ער העלפט פון XIX־טען יאהרהונדערט.

פערײן פון די טעפּער. אין אַנדערען יאָהר איז אויסגעוואַקסען „דער נאַציאָנאַלער פערײן פון דרוק־אַרבײַטער", דער פערײן פון לעדער־אַרבײַטער און נאָך אַנדערע. פון אַלע אָרגאַניזאַציעס פון דער ערשטער העלפט פערציגער יאָהרען האָט די גרעסטע ווירקונג אויף דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט געהאַט דער „פערײן פון די בערג־אַרבײַטער אין גרויס־בריטאַניען און אירלאַנד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1841 אין וועקספילד.

דער פערײן האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פעראייניגען, ווי ווײַט מעגליך, אַלע בערג־אַרבײַטער פון דעם פעראייניגטען קעניגרײַך, און ער האָט ניט געקאַרגט קיין מיטלען צו פיהרען אַ ברײַטע אַגיטאַציע אין דיעזער ריכטונג. אַ גאַנצע רײַהע ספּעציאַליסטען־אַגיטאַטאָרען (53 מאַן) זענען געוועזען אויף געהאַלט בײַ דעם פערײן. די רײַזענדע אַגיטאַטאָרען אָדער „אָרגאַניזאַטאָרען־מיסיאָנערען", ווי די ענגלישע אַרבײַטער האָבען זײַ אָנגערופען, האָבען דורכגערײַזט גאַנץ ענגלאַנד אין דער לײַנג און אין דער ברײַט. עס איז ניט געבליבען אַפילו איין קלײַנע שאַכטע, וואו עס איז ניט אַרײַנגעדרונגען זײַער פּראָפּאַגאַנדע וועגען אַן'אַלגעמײַנע פעראייניגונג. אַזעלכע אויסערגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען פון די בערג־אַרבײַטער האָבען געהאַט אַ פולען ערפאָלג. אין יאָהר 1844 איז די צאָהל פון די מיטגליעדער שוין געוועזען 100,000. מיר וועלען דאָ ניט בעשרײַבען די אָרגאַניזאַציע פון דעם בערג־אַרבײַטער־פערײן; מיר וועלען נאָר בעמערקען, אַז דער פערײן האָט געהאַט בעדײַטענדע מיטלען, און ער האָט זײַ ניט געקאַרגט אום זיכער צו מאַכען דעם נצחון אין דעם קאַמפּף מיט די אונטערנעהמער. אַזוי אַלס אָנפיהרער האָבען זײַ אַראָבגערופען ראָבערטס, איינעם פון די געלעהרסטע און טאַלאַנטפאָלע יוריסטען אין דער דאַמאָלסדיגער ענגלאַנד. דיזען הויפּטאַנפיהרער האָט דער פערײן בעשטימט כמעט אַ מיניסטער־געהאַלט (10,000 רובל אַ יאָהר). די וויכטיגסטע אַרבײַט פון בערג־אַרבײַטער־פערײן איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געוועזען דער אָנפיהרער פון די אַרבײַטער אין פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמפּף געגען די קאַפּיטאַליסטען, וועלכער האָט זיך צופלאַקערט אין 1844־טען יאָהר.

די קאַפּיטאַליסטען האָבען אַרײַנגעטראָגען אין פּאַרלאַמענט

אַ פאָרלאַגע, אַז מען זאָל פערברייטערען די רעכטען פון די פריעדענסריכטער אין די פראָצעסען פון די אונטערנעהמער נעגען די אַרבייטער. לויט דעם פראָיעקט האָט דער פריעדענס־ריכטער געזאָלט האָבען דאָס רעכט צו מאַכען מאַסען אַרעסטען פון אַרבייטער אויף דעם גרונד פון אַ אַנ׳איינפאַכער אָנקלאַגע פון קאַפּיטאַליסט. איסער דעם האָט דער פריעדענס־ריכטער געדאַרפט האָבען דאָס רעכט, ווען ער האָט דאָס געפינען פאַר נויטיג, צו בעשטראָפען יעדען אַרבייטער אויף צוויי חדשים געפענגנים „אויב דער אַרבייטער ערפילט שלעכט זיין פפליכט”. אַז עס האָט נאָר ערשיינט דער ביל (געזעץ־פראָיעקט), האָט ראָבערטס אויף איהם אויפמערקזאַם געמאַכט דעם פעראיין, און ער האָט אָנגעוויזען אויף די גאַנצע געפאַהר פאַר די זעלבסטשטענדיגקייט פון די אַרבייטער, אויב מען וועט בעשטעטיגען דעם געזעץ־פראָיעקט. און דער פעראיין האָט טאַקע באַלד אָנגענומען מיטלען. זיינע טאַלאַנטפאָלע אַגיטאַטאָרען האָט זיך איינגעגעבען אויפצוהויבען דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד. אין פאַרלאַמענט האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען איין פראָטעסט נאָך דעם אַנדערן. סך הכל האָט מען אָנגעגעבען 200 פעטיציעס אונטערגעשריבען פון 2 מיליאָן אַרבייטער. סוף כל סוף איז די אַרבייטער געלונגען אַריבערצופיהרען אויף זייער זייט אַלע ראַדיקאַלען און אַ טייל לאָרדען, און דער געזעץ־פראָיעקט האָט אין פאַרלאַמענט געהאַט אַ פאָלקאָמע מפלה. דיעזער גלענ־צענדער נצחון איז געוועזען דיר וויכטיגסטע טהאַט פון די בערג־אַרבייטער. דער נצחון האָט אויפגעהויבען דעם פעראיין אין די אויגען פון אַלע ענגלישע אַרבייטער.

פון דעסטוועגען האָט דער פעראיין פון די בערג־אַרבייטער אין דעם אייגענעם יאָהר 1844 בעקומען אַ געוואַלדיגען קלאַפּ, וועלכער איז פאַר איהם אויך געוועזען אַ טויט־קלאַפּ. די מפלה איז געוועזען דער רעזולטאַט פון אַ ניטגעלונגענעם שטרייק פון 70.000 בערג־אַרבייטער אין גלאַזגאָ. דער שטרייק האָט אין גאַנצען צוגענומען די קרעפטען און מיטלען פון דעם פעראיין. פון יאָהר 1845 אָן איז ער ביסלעכוויז אַראָב פון סצענע און אין יאָהר 1848 האָט ער אינגאַנצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען.

פון די אַרבייטער־פעראיינען אין דער אַנדערער העלפט 40־ער יאָהרען איז דער וויכטיגסטער די „נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע

פון פערֵאייניגטע פאַכען פאַר די אַרבּייטס־פערטהיידיגונג". די אַסאָציאַציע איז זעהר אינטערעסאַנט אַלס לעצטע פראָבּע צו גרינדען אַ פעראיין נאָך דעם מוסטער פון די גרויסע נאַציאָנאַלע פעראיינען, וועלכע האָבּען געהערשט אין די 30־ער יאָהרען.

אין יאָהר 1845 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען דער אַרבּייטער־קאָנגרעס, וועלכער איז בּעשטאַנען פון 110 דעלעגאַטען. דאָ זענען געוועזען פאָרשטעהער פון די לאַנקאַשירער שפּינער און וועבּער, אַרקאשירער שטרומפּף־און געוואַנד־אַרבּייטער אַזוי אויך פון פערשיעדענע אַרבּייטער־פאַכען פון מאַנטשעסטער, שעפילד, נאָרוויטש, בּריסטאָל א. ז. וו.

די דעלעגאַטען האָבּען בּעשטימט צו פעראייניגען אַלע אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבּען זיי אויסגעוועהלט פאַר פאָרשטעהער, אין איין אַלגעמיינעם פערבּאַנד. דער נייער פערבּאַנד וועלכער האָט זיך גערופען, ווי מיר האָבּען שוין געזאָגט „נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פאַר אַרבּייטס־פערטהיידיגונג", האָט פאָרמולירט זיין ציעל אין פאָלגענדע ווערטער: „אונזער אָרגאַניזאַציע—שרייבּט זיך אין זיינע סטאַטוטען—בּעגרינדעט זיך אויף צוויי גרויסע פאַקטען: ערשטענס, אַז די אַרבּייטער־קלאַסען בּעקומען קיינמאָל ניט דעם גערעכטען אַרבּייטס־לוין פאַר אַ גערעכטען אַרבּייטס־טאָג, און צווייטענס, אַז דערשלאָגען זיך דעם דאָזיגען לוין קענען די אַרבּייטער נאָר דורך דער הילף פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פעראייניגונג". צוליעב דעם שטרעבּט די אָרגאַניזאַציע אַרומצונעהמען, ווי ווייט מעגליך, דעם גאַנצען אַרבּייטער־קלאַס פון ענגלאַנד, און שטעלט זיך אַלס ציעל פערטהיידיגען די אינטערעסען פון די פעראייניגטע פאַכען און פאָדערען די אַלע פאָליטישע, סאָציאַלע און ערציהונגס־מיטלען, וועלכע קענען פערבּעסערען די לאַגע פון אַרבּייטער־קלאַסס". אַחוץ דעם זאָגט זיך די אָרגאַניזאַציע אַרויס פאַר בּרייטע שטיצע די אַרבּייטער צו גרינדען גענאָסענשאַפטליכע פאַבּריקען; זי פראָעקטירט די בּעאַר־בּייטונג פון דער ערד דורך געמיינדען, אין איהרע פלענער שטרעבּט זי איבּערהויפּט דורכצופיהרען אַלע וויכטיגע פונקטען פון אָווען'ס פראָגראַם.

די נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע איז אָבּער פאָרט ניט דאָס איינענע, וואָס אָווען'ס פעראיינען אין די 30־ער יאָהרען. אין

אַ בּעֶדייַטעֶנדעֶן גראַד קעֶן מעֶן זיִ שוין בּעֶטראַכטעֶן אַלס אַנ׳אִי־
בּעֶרגאַנגס־פאָרם פוּן דעֶם אַלטעֶן אוּטאָפּיזם צוּ דעֶר נייַעֶר
פּעֶראַיינס־פאָרם פוּן דיִ 50־עֶר יאָהרעֶן. צוּזאַמעֶן מיִט אָוועֶן׳ס
אִידעֶען געֶפיִנעֶן מיר שוין אִין דיִ סטאַטוּטעֶן פוּן דעֶר געֶזעֶלשאַפט
פאָלגעֶנדעֶ ווערטעֶר, וועֶלכעֶ כאַראַקטעֶריזיִרעֶן דעֶם גייַסט פוּן
דעֶר נייַעֶר צייַט: „דעֶר פּעֶראַיין איז טיִף דוּרכגעֶדרוּנגעֶן מיט דעֶם
געֶדאַנקעֶן, אַז עֶס מוּזעֶן אייַנגעֶשטעֶלט ווערעֶן גוּטעֶ בּעֶציִהוּנגעֶן
צווישעֶן דיִ אוּנטעֶרנעֶהמעֶר אוּן אַרבּייַטעֶר, דעֶן דעֶר פּעֶראַיין
מייַנט, אַז דיִ אִינטעֶרעֶסעֶן פוּן בּייַדעֶ גרוּפּעֶן זעֶנעֶן אוֹיף אַזוֹי
פיִעל גלייַכעֶ, אַז עֶס אִיז נישט מעֶגליִך, דאָס אִיין צד זאָל
האָבּעֶן שאָדעֶן אוּן דעֶר אַנדעֶרעֶר צד זאָל ניט לייַדעֶן". דעֶריִבּעֶר
האַלט דעֶר פּעֶראַיין דעֶם שטרייַק פאַר זעֶהר ניִט קייַן גוּטעֶן
קאַמפּף׳ס געֶוועֶהר: עֶר לעֶגט איהם פאָר נאָר אַלס אַנ׳אוֹיסעֶרסט־
שאַרפעֶן מיִטעֶל, אוּן רעֶקאָמעֶנדירט אַנשטאָט איהם פריִדליִכעֶ
אָבּמאַכעֶן, בּוֹררים־געֶריִכטעֶן א. ז. וו.

דאָ פּיהלט זיִך שוין דעֶר מעֶססיִג־ליִבּעֶראַלעֶר גייַסט,
וועֶלכעֶר האָט דעֶרנאָך אִין גאַנצעֶן אַרייַנגעֶדרוּנגעֶן אִין דיִ סטאַטוּ־
טעֶן פוּן דיִ פּעֶראייַנעֶן אִין די 50־עֶר יאָהרעֶן. ניִט קוּקעֶנדיִג דעֶרוֹיף,
וואָס דיִ אַסאָציִאַציעֶ האָט ניִט געֶהאַלטעֶן פוּן קייַן שטרייַקעֶן, אוּן
בּייַ אַ סכסוך מיִט דיִ אוּנטעֶרנעֶהמעֶר האָט דעֶר צעֶנטראַל־קאָמיִטעֶט
זיִך געֶמשאַרעֶט אַרוֹיסטרעֶטעֶן אַלץ פּעֶרמיִטלעֶר, האָבּעֶן דיִ קאַפּיִ־
טאַליִסטעֶן דאָך זיִך פייַנדליִך בּעֶצוֹיגעֶן צוּ דעֶם פּעֶראַיין.
„אַיינוויליִגעֶנדיִג אוֹיף אָרטיִגעֶ פּעֶראַיינעֶן, האָבּעֶן זייַ געֶקוּקט אוֹיף
יעֶדעֶ פּראָבּעֶ פוּן נאַציִאָנאַלעֶר פּעֶראַייניִגוּנג, ווי אוֹיף אַ רעֶוואָלוּ־
ציאָנעֶרעֶן אַטעֶנטאַט אוֹיף דעֶם הייַליִגעֶן פּריִנציִפּ פוּן אִינדוּסטריעֶ
פּרייַהייַט. בּייַ אַזאַ צוּשטאַנד האָט דיִ פּעֶרמיִטלוּנגס־פּאָליִטיִק פוּן
דעֶם צעֶנטראַל־קאָמיִטעֶט ניִט געֶהאַט קייַן שוּם עֶרפאָלג. אִין
דיִ פּראָוויִנציִעֶלעֶ אָבּטהייַלוּנגעֶן זעֶנעֶן אָפט אוֹיסגעֶבּראָכעֶן שטרייַקעֶן
ניִט קוּקעֶנדיִג אוֹיף דיִ שטרעֶנגעֶ אזהרות פוּן דיִ לאָנדאָנעֶר מנהיגים.
דיִ מעֶהרהייַט שטרייַקעֶן האָט זיִך געֶעֶנדיִגט מיִט דעֶר ניִדעֶרלאַגעֶ
פאַר דיִ אַרבּייַטעֶר. אִין דיִזעֶ ניִדעֶרלאַגעֶן, האָבּעֶן דיִ פּראָוויִנציִעֶלעֶ
אָבּטהייַלוּנגעֶן בּעֶשוּלדיִגט דוּרכאוֹיס דיִ אוּנטהעֶטיִגקייַט פוּן דעֶם
צעֶנטראַל־קאָמיִטעֶט. דיִ אִינעֶרליִכעֶ מחלוקות, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן זיִך
אַלץ מעֶהר פאַנאַנדעֶרגעֶוואַקסעֶן, האָבּעֶן אִין יאָהר 1850 אִין

גאַנצען צוּבּראָכען די אָרגאַניזאַציעס. אויף אַזאַ אופן דערמאָנט אונז דער גורל פון דער אַסאָציאַציע אָן גורל פון די גרויסע פעראייניגען אין די 30-ער יאָהרען. נאָר די שפּורען פון דער „נאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע פאַר אַרבּייטס-פערטהיידיגונג" זענען אָבער ניט אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען, ווי דאָס איז געווען מיט די אָוועניסטישע פעראיינען. אַז דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער אַסאָציאַציע האָט דערזעהן, דאָס עס איז אונמעגליך צו דערגרייכען אַ פעסטע איינהייגונג, האָט ער אָבגעגעבען אַלע זיינע כחות אויף די ברייטע אַגיטאַציע פאַר די פערקירצונג פון אַרבּייטס-טאָג. אין דעם הינזיכט האָט זיין אַרבּייט געהאַט אַ פאָלקאָמען ערפאָלג. צוזאַמען מיט דעם זאָגענאַנטען „קאָמיטעט פאַר די פערקירצונג פון אַרבּייטס-טאָג", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען דורך די לאַנקאַשירער שפּינער, איז דעם צענטראַל-קאָמיטעט געלונגען דורכצופיהרען דאָס געזעץ וועגען אַ 10 שעה'דיגען אַרבּייטסטאָג (1847) און אין דעם בּעשטעהט זיין אונטשטערבּליכער פערדינסט פאַר דעם גאַנצען אַרבּייטער-קלאַס אין ענגלאַנד.

וואָס אָנבּעלאַנגט דער סאָציאַלער פּראָגראַם פון פעראיין איז פערשטעהט זיך, אַז זיינע חלומ'ת וועגען אַ „געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן" האָבען ניט געקענט מקוים ווערען. אמת טאַקע, אַז אין יאָהר 1847 איז געלונגען צו גרינדען אויף די מיטלען פון פעראיין אַ געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונג, אין וועלכער עס האָבען זיך בּעטייליגט 123 שוהמאַכער, נאָר פון דער קליינער ווירקליכקייט בּיז די אונגעהייערע פּלאַנען איז נאָך געוועזען זעהר ווייט.

---

## VI.

## די פעראיינען פון די געלערנטע אַרבּייטער

(דער זאגענאנטער „אלטער יוניאניזם")

אין סוף 40-ער און אין אָנהויב 50-ער יאָהרען האָט די ענגלישע אינדוסטריע ערדייכט איהר בּליהענדסטע מדרגה. איהרע פּראָדוקטען האָבען אונבּעגרענצט געהערשט אויף דעם וועלט-מאַרק. פון די אַלע סבּות, וועלכע האָבען בּעשאַפען פאַר דעם ענגלישען

קאַפּיטאַל אַזאַ פּריווילעגירטע לאַגע, וועלען מיר נאָר דערמאָהנען
די וויכטיגסטע.

אין מיטען XIX-טען יאָהרהונדערט האָט מען אָנגעהויבען
אין די קולטורעלע לענדער אין אייראָפּאַ, אַמעריקאַ אַזוי אויך אין
אינדאָסטאָן (דער טייל אינדיע, וואָס שטעהט אונטער דער ממשלה
פון ענגלאַנד) צו בויען אייזענבאַהנען, און איבערהויפּט אויסצונוצען
אַלע וועגען אום צו פערבעסערען די פערקעהרס-מיטלען סיי אויף
דער יבשה סיי אויפ'ן ים, כל זמן גאַנצע געגענדען אין די ציווי-
ליזירטע לענדער האָבען ניט געהאַט קיין פערקעהרס-מיטלען, האָט
דער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדעל מיט ביליגע און שווערע סחורות
געמוזט זיך קאָנצענטרירען ביי די ברעגען פון ים און ביי גרויסע
טייכען, אויף וועלכע ס'זענען געגאַנגען שיפען. ענגלאַנד פלעגט
פאַנאַנדערשיקען איהרע סחורות איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר
כל זמן די וועגען זענען דאָרטען געווען שלעכטע האָט דאָס אַריבער-
פיהרען פון ברעג ים אין לאַנד אַריין געקאָסט אַזוי טייער, אַז קיין
שום טעכנישע אויסבעסערונגען האָבען נישט געקענט פערברייטערען
די מערק פאַר די ענגלישע סחורה. ווי נאָר די אייזענבאַהנען האָבען
אָנגעהויבען דורכצושניידען אין אַלע ריכטונגען גאַנץ אייראָפּאַ,
צפון-אַמעריקאַ און אינדיע, איז דאָס אַריבערפיהרען געוואָרען
זעהר ביליג אפילו פאַר די שווערסטע מינים סחורות, ס'האָבען
זיך צוליעב דעם געעפענט נייע מערק פאַר סחורות ניט נאָר אויף
די ברעגען פון די וואַסערן, נאָר אויך אויף דעם גרויסען שטח
יבשה וואָס איז געווען ווייט פון ברעג.

ניט ווייניג האָט אויך געהאָלפען פערברייטען דעם מאַרק
די ענטדעקונג פון די רייכע גאָלד-גרובען אין קאַליפאָרניע (צפון
אַמעריקאַ) און אין אויסטראַליען יאָגענדיג זיך נאָך רייכטום, זענען
גאַנצע מאַסען אַריבערגעפאָהרען קיין קאַליפאָרניע און אויסטראַליען.
דורך דער איבערוואַנדערונג זענען אָט די לענדער געוואָרען זעהר
בעפעלקערט. אַם גיכסטען איז געוואַקסען די בעפעלקערונג פון
צפון אַמעריקאַ, וואו ס'האָט נאָך דאַמאָלסט געהערשט לאַנד
ווירטשאַפט; זי האָט אַרויסגעפיהרט רויהע מאַטעריאַלען און
אַריינגעפיהרט פערשידענע אינדוסטריעלע פּראָדוקטען. ענגלאַנד,
אַלס דאָס ענטוויקעלסטע אינדוסטריעלע לאַנד, איז כמעט געוואָרען
דער פּאָדריאַטשיק פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען פאַר אַמעריקאַ.

די ענדערונגען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדעלס-פּאָליטיק אין די 50-ער יאָהרען האָט אויך מיטגעווירקט דערצו, דאָס די אינדוסטריעלע ממשלה פון ענגלאַנד האָט זיך פערשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אין דער ערשטער העלפט פון XIX-טען יאָהרהונדערט איז אין אַלע קולטורעלע לענדער געוועזען אַרויפגעלעגט אויף די אויסלענדישע סחורות אַ אונגעהויער גרויסער צאָל-טאַריף. אין די 50-ער יאָהרען האָט דער מעהרסטער טהייל אייראָפּעאישע מלוכות איבערגעאַרבייט זייערע טאַריפען לויט דעם פּרינציפּ פון פריי-האַנדעל. די אָבצאָהלונגען אויף פיעלע ענגלישע סחורות איז פאַרקלענערט געוואָרען אין רוסלאַנד, סקאַנדינאַווישע מלוכות, האָללאַנד, דייטשלאַנד. שפּאַניען האָט אָבגעשאַפט דאָס געזעץ, וועלכער האָט פערבאָטען אַרייַנצופיהרען אויסלענדישע סחורות; פראַנקרייך האָט אויף אַ סך פערקלענערט דעם טאַריף אויף אייזערנע, שטאָלענע און מעטאַלענע פּראָדוקטען. די ענגלישע סחורות, וועלכע זענען איצט בעפרייט געוואָרען פון די הויכע אָבצאָהלונגען, האָבען דורך די נייע אייזענבאַהנען אַרייַנגעדרונגען אין די פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון אייראָפּאַ, אַמעריקאַ און טהייל-וויַיז אַזיען.

די ענגלישע קאַפּיטאַליסטען האָבען אונבעגרענצט געהערשט אויף דעם אַלוועלטליכען מאַרק, און האָבען ניט בעדאַרפט מורא האָבען פאַר זייער ממשלה, ווייל אין דיעזער עפּאָכע איז ענגלאַנד באמת געוועזען דאָס איינציגע לאַנד מיט אַן אַנטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. פראַנקרייך, וועלכע איז פריהער געשטאַנען בראש פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציאָן, האָט ניט געקענט קאָנקורירען מיט ענגלאַנד אין דער אויסאַרבייטונג פון פּראָדוקטען, וועלכע בעפריעדיגען די נויטווענדיגסטע בעדערפניסען, ד. ה. אַזעלכע פּראָדוקטען, וועלכע שפּיעלען די גרעסטע ראָלע אין דער פאָלקס-ווירטשאַפט. בלויז די לוקסוס-זאַכען זענען געבליבען און טהיילווייז נאָך ביז היינט, די מאָנאָפּאָליע פון דער פראַנצויזישער פּראָדוקציאָן.

צפון-אַמעריקאַ איז אין די 50-ער יאָהרען נאָך ניט געוועזען דאָס לעגענדאַרישע לאַנד פון אינדוסטריעלע וואונדער, ווי עס שטעלט זיך יעצט פאָר דעם אייראָפּייער. אין דער ערשטער העלפט פון XIX-טען יאָהרהונדערט איז אַמעריקאַ געוועזען, ווי מיר האָבען

שוין געזאָגט, אַ מלוכה, וועלכע האָט זיך איבערהויפּט פערנומען מיט לאַנדווירטשאַפט, ד. ה. אַ מאַרק פאַר די אינדוסטריעלע לענדער. וואָס אָנבעלאַנגט דײַטשלאַנד, האָט זי אין די 50־ער יאָהרען קוים פון זיך אַראָבגעוואָרפען דעם לעצטען רעשט פון פעאָדאַליזם און זי האָט ערשט אָנגעהויבען פלאַנצען די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע.

מילא רוסלאַנד איז דאָך געשלאָפען געשמאַק אונטער דעם יאָך פון דער לײַבאייגענשאַפט; ס'איז איהר ניט געלעגען אין קאָפּ צו קאָנקורירען מיט ענגלאַנד.

בײַ אַזאַ צושטאַנד האָט ענגלאַנד לײַכט פערכאַפּט אין איהרע הענד די מאָנאָפּאָליע פון וועלט־מסחר. איהרע קאַרטון, לײַוועגד, געוואַנד האָבען ניט געהאַט קיין שום קאָנקורענטען אויף דעם אַלוועלטליכען מאַרק, פון אַמעריקאַ ביז כינאַ און פּערסיען. איהרע מאַשינען האָבען אונבעגרענצט געהערשט אין דער יונגער דײַטשער אינדוסטריע און טײל־ווײז אין דער רוסישער, וועלכע האָט ערשט אָנגעהויבען אויסצושפּראָצען. מיט איין וואָרט ענגלאַנד איז געוואָרען אַ מין גרויסער אַלוועלטליכער קאַפּיטאַליסט־עקספּלואַטאַטאָר, און צו זײַנע פיס האָט זיך אונטערטעניג געבוקט די גאַנצע וועלט.

דער אונגעוועהנליכער וואוקס פון דער אינדוסטריע, וועלכע האָט קאָלאָסאַל פערגרעסערט די רוחים פון די קאַפּיטאַליסטען, האָט אין דער זעלבער צײַט אויך פערבעסערט די לאַגע פון דעם אַרבײַטער־קלאַס אין ענגלאַנד; די אַרבײַטסלאָזיגע אַרמעע האָט זיך פערקלענערט, דער אַרבײַטס־לוין איז אויפגעוואַקסען, לערך די 40־ער יאָהרען, כמעט אויף 15 פּראָצענט. אמת טאַקע, אַז די פּשוטע אַרבײַטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פער־דינסטען האָבען זיך פערגרעסערט, האָבען בדוחק געהאַט זײַערע לעבענס־מיטלען. נאָר די געלערנטע אַרבײַטער האָבען בעקומען די מעגליכקײַט נישטקשה'דיג צו לעבען, זײַער לוין איז אין אַלגעמײַן ניט קלענער געוועזען ווי 50—60 רובל אַ חודש; עס איז געוועזען אַפילו אַזעלכע אַרבײַטער־אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען פערדינט 200—400 רובל אַ חודש.

אין די 50־ער יאָהרען איז אין ענגלאַנד אויסגעוואַקסען צווישען די געלערנטע אַרבײַטער אַ גאַנצע רײַהע שטאַרקע

אָרגאַניזאַציעס, פון וועלכע די „פערעאייניגטע געזעלשאַפט פון מאַשין־בוי־אַרבייטער, טשוגון־גיסערייען און אייזען־שמעלצערייען" האָט געשפּיעלט די וויכטיגסטע ראָלע אין דער געשיכטע פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד. „פערעאייניגטע" הייסען אין ענגלאַנד אַזעלכע פערעאינען, וועלכע בעשטעהען פון אַרבייטער פון גלייכאַרטיגע מלאכות, אָפטמאָל פון אַ סך שטעדט. די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם פון די פערעאיינען איז פאָלגענדע: אַרבייטער פון וועלכען עס איז פאַך, (למשל בוי־אַרבייטער, שמידען א. ז. וו.) וועלכע געפינען זיך אין איין שטאָדט, בילדען אַנ'אָרטיגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קלויבט אויס איהר צענטראַל־פערוואַלטונג, וואָס בעשטעהט פון אַ סעקרעטאַר און עטליכע דעלעגאַטען. די אָרגאַניזאַציעס פון עטליכע שכנות'דיגע שטעדט (נאָר פון איין פאַך) קלייבען אויס מיטגליעדער אין זאָ גענאַנטען ראַיאָן־קאָמיטעט, וועלכער דאַרף אויפקוקען אויף דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער אינדוסטריע אין דעם ראַיאָן. בראש פון אַלע אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען פערבונדען אין פעראיין, שטעהט דער „צענטראַלער אויספיהרונגס־ראַטה", אין וועלכען די גרעסטע ראָליע שפּילט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון פערבאַנד. דער אויספיהרונגס־ראַטה איז די העכסטע אינסטאַנץ, וועלכע פיהרט אָן מיט דער טהעטיגקייט פון דער גאַנצער „פעראייניגטער געזעלשאַפט". די פערהעלטניסמעסיג זיכערע לאַגע פון די געלערנטע אַרבייטער, פון וועלכע עס זענען בעשטאַנען די פעראייניגטע געזעלשאַפטען, איז געווען די אורזאַכע פון אַזאַ מעסיגער און פאָרזיכטיגער פּראָגראַם.

אין די 50־ער יאָהרען געפינען מיר שוין ניט דעם ראַדיקאַליזם, מיט וועלכען עס זענען געווען דורכגענומען אָווען'ס אָרגאַניזאַציעס פון די פריהערדיגע צייטען. יעצט שטרעבען שוין ניט די אַרבייטער־פעראיינען אין גאַנצען איבערצובויען די געזעלשאַפט, זיי סטאַרען זיך נאָר צו פערבעסערען די לאַגע פון די אַרבייטער אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך ביי די קאַפּיטאַליסטישע בעדינגונגען. נאָך מעהר, זיי האָבען גאָר נישט בעטראַכט די אַרבייטער און די קאַפּיטאַליסטען אַלס צוויי פיינדליכע קלאַסען, צווישען וועלכע עס קען נאָר זיין אַ שטענדיגע מלחמה. פערקעהרט זייערע אַלע כחות זענען נאָר געווען אָנגעווענדעט איינצופיהרען אַ „האַרמאָניע אין די אינטערעסען", וועגען וועלכער די גן עדן

פייגעלעך פון דער „וואָלגאַרער עקאָנאָמיע" *) האָבען געזונגען אַזעלכע זיסע ליעדער.

פונקט, ווי די „נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פאַר אַרבייטס־פער־טהיידיגונג" **), האָבען זיך די „פעראייניגטע געזעלשאַפטען" געמאַרעט איינצופיהרען גוטע בעציהונגען צווישען די אונטערנעהמער און די אַרבייטער, און האָבען זיך אַרויסגעזאָגט געגען שטרייקען.

באמת, איז די פעראַכטונג צו שטרייקען אַרויסגערופען געוואָרען ניט אַזוי פיעל דורך די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען, ווי דורך דער ביטערער ערפאַהרונג פון די פריהערדיגע יאָהרען. די פעראייניגטע געזעלשאַפטען האָבען ערקלערט די מפלה פון אָוועןס אָרגאַניזאַציעס ניט מיט זייערע אינערליכע חסרונות נאָר מיט זייער קאַמפף'ס פאָליטיק. „מיידט אויס די געפעהרליכע פראַקטיק פון די שטרייקען" האָט געשריעבען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די מויערער: „פונקט ווי איהר מיידט אויס אַ ווילדע חיה, וועלכע וויל אייך צורייסען... געדענקט, צוליעב וואָס אונזער פעראיין האָט פערלאָרען זיין גאַנצע בעדייטונג אין יאָהר 1852! מיר פערשווערען אייך, ברידער, אויב אייך איז נאָר טייער אייער עקזיסטענץ, איהר זאָלט מיט אַלע מיטלען קעמפפען געגען די אונזיניגע שטרייקען". איין אָבטיילונג פון דעם פעראיין האָט זאָגאַר געפאָדערט, אַז די ענגלישע אַרבייטער זאָלען שוין מעהר ניט געברויכען אַפילו דאָס וואָרט „שטרייק". אַזעלכע מיינונגען האָבען אויך געהערשט ביי די איינבינדער, זעצער, מאַשין־בוי־אַרבייטער און איבערהויפט ביי כמעט אַלע מעהר אָדער ווייניג בעדייטענדע אָרגאַניזאַציעס פון די 50־ער יאָהרען. כדי זיך צו בעוואָרענען פון אַ פלוצלונגען שטרייק, וועלכער קען אויסברעכען אונטער דעם איינפלוס פון אַ צופעליגער אַרבייטער־אויפרעגונג, האָבען „די פעראייניגטע געזעלשאַפטען" אָבגענומען ביי די אָרטיגע סעקציעס (אָבטיילונגען) דאָס רעכט צו ערקלערען אַ שטרייק; דיזעס רעכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די

*) וואולגארע רופט מארקס אן די עקאנאמיסטען, וועלכע דאבען בעוואוסטזיניג איבערגעדרעהט און פערפעלשט די וויסענשאפט, כדי געדעכט געבען דער בורזשואזיע.

**) זעה דעם פריהערדיגען קאפיטעל.

צעֶנטראַלעֶ אויספיהרעֶנדעֶ ראַטהעֶן. אַזוֹי למשל האָט די פעֶרזאַמלונג פון די דעֶלעֶגאַטעֶן פון די אַייזעֶן=שמעֶלצעֶר אין יאָהר 1846 בּעֶשטימט: איבּעֶרלאָזעֶן די לעֶזונג פון דעֶר פראַגעֶ וועֶגעֶן אַ שטרייק דעֶר פעֶרזאַמלונג פון אונזעֶרעֶ מיטגליעדעֶר, וועֶלכעֶ געֶפינעֶן זיך דאָס רוֹב אונטעֶר דעֶם אַיינפלוס פון מאָמעֶנט, אונטעֶר דעֶם אַיינדרוק פון אַ היטציגעֶן אַגיטאַטאָרשעֶן אויפרוף, פון אַ בּרעֶנעֶנדעֶן דיספוט — דאָס האַלטעֶן מיר פאַר געֶפעֶהרליך.... זייעֶנדיג פעֶסט איבּעֶרצייגט אין דעֶר ריכטיגקייט פון אָט דיזעֶר מיינונג, האָבּעֶן מיר דאָס רעֶכט צו בּעֶשטימעֶן אַ שטרייק אָבּגעֶנוּמעֶן פון די אָרטיגעֶ אָבּטהיילונגעֶן, און איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן דעֶם אויספיהרעֶנדעֶם ראַטה פון פעֶראיין"! בּעֶציהעֶנדיג זיך מיט אַ גרויסעֶן אונצוטרוֹי צו די שטרייקעֶן, האָבּעֶן די פעֶראיינעֶן אין די 50=עֶר יאָהרעֶן זיך געֶסטאַרעֶט „אויסצואַרבּייטעֶן נייעֶ קאַמפּס=מיטלעֶן. דעֶר פעֶרבּאַנד פון די אַרבּייטעֶר, וועֶלכעֶ אַרבּייטעֶן אויף פלינטגלאָז (האַרט=גלאָז) האָט געֶשריבּעֶן: „די גרויס פון אַרבּייטס=לוין העֶנגט אין גאַנצעֶן אָבּ פון דעֶר נאָכפראַגעֶ און אָנבּאָט. מיר אַלעֶ ווייסעֶן, אַז אויבּ אויפ'ן מאַרק איז דעֶר אָנבּאָט אויף סחורה גרעֶסעֶר ווי די נאָכפראַגעֶ, מוז, לויט דעֶם בּעֶשטימטעֶן נאַטור=געֶזעֶץ, די סחורה פאַלעֶן אין מקח, און דאָס איז שוין קיין אונטעֶרשייד ניט, צי די סחורה איז אַרבּייט אָדעֶר אַן'אַנדעֶר האַנדעֶלס-געֶגעֶנשטאַנד". אַרויסגעֶהעֶנדיג פון אַזאַ שטאַנד=פונקט, האָבּעֶן די אַרבּייטעֶר אין די 50=עֶר יאָהרעֶן געֶהאַלטעֶן די פעֶרניכטונג פון דעֶר קאָנקורעֶנץ צווישעֶן די אַרבּייטעֶר פאַר דעֶם אַיינציגעֶן מיטעֶל, וועֶלכעֶר קעֶן פעֶרבּעֶסעֶרעֶן זייעֶר לאַגעֶ. כדי צו עֶררייכעֶן דיזעֶן ציל האָבּעֶן זיי געֶפאָדעֶרט מעֶן זאָל בּעֶגרעֶנצעֶן די אַרבּייט פון לעֶהר=אינגלעֶך און ניט געֶלעֶרנטעֶ אַרבּייטעֶר, פעֶרניכטעֶן די איבּעֶרשטונדעֶן=אַרבּייט און געֶשטרעֶבּט צו גרינדעֶן אַ בּעֶזונדעֶר קאַסעֶ, וועֶלכעֶ זאָל געֶבּעֶן מיטלעֶן אַרויסצושיקעֶן די אַרבּייטס=לאָזעֶ אין אַנדעֶרעֶ לעֶנדעֶר. דעֶר פראָיעֶקט פון דעֶר קאַסעֶ, אונטעֶר דעֶם נאָמעֶן „עֶמיגראַציאָנס=פאָנד" איז געֶוועֶן זעֶהר פאָפּולעֶר צווישעֶן די פעֶראיינעֶן אין די 50=עֶר יאָהרעֶן*).

*) שטרעבענדיג צו פערניכטען די קאנקירענץ צווישען די ארבייטער, האבען די פעראיינען אין די 50־ער יאה־ען בעצם גאר ניט געדארפט אבלייקענען די בעדייטונג פון שטרייקען. דער שט־ייק איז אין דעם הינזיכט אויך ניט קיין ערגערער

דער פּראָיעקט איז געוואָרען אין גאַנצען פערוואָרפען ערשט אין די 60־ער יאָהרען, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז יענע אַרבייטס־לאָזע, אויף וועלכע דער פאָנד האָט אויסגעגעבען צעהנדליגע טויזענדער רובל אויף אַרויסצושיקען, זענען געווען אַ טראָפּען אין ים פון דער אַרבייטס־לאָזער רעזערוו־אַרמעע. אַלץ מעהרער בעדײַטונג בעקומט דער קאַמפּף פאַר די פערקירצונג פון אַרבייטס־טאָג, און פאַר די בעזייטיגונג די קאָנקורענץ פון די ניט געלעהרענטע אַרבייטער. דער לעצטער פּונקט פערנעמט זעהר אַ וויכטיגען פּלאַץ אין די פּראָגראַמען פון אַלע פעראיינען אין די 50־ער יאָהרען. די זעצער האָבען אויסגעקליבען ספּעציעלע קאָמיטעטען מיט דעם ציעל זיי זאָלען אויסזוכען גוטע קאַמפּפ׳ס־מיטלען געגען דער אַרבייט פון די ניט־דערוואַקסענע אַרבייטער און לעהר־אינגלעך, וועלכע זענען אַוועק פון בעלי־בית אײדער ס׳האָט זיך געענדיגט דער בעשטימטער טערמין. די מאַשין־בוי־אַרבייטער האָבען געפיהרט זייער גאַנצע פּראָפּעסיאָנעלע פּאָליטיק אַרויסגעהענדיג פון דער מיינונג, אַז פּונקט, ווי דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען, אַזוי אויך זיי האָבען דאָס רעכט אויסצושליעסען פון זייער קרייז אַזעלכע אַרבייטער, וועלכע זענען ניט דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען לעהרע־קורס. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז אין איינינע הינזיכטען זענען די פעראיינען אין די 50־ער יאָהרען געוועזען אַ שריט צוריק אין פערגלײַך מיט די אַלטע אָוועניש אָרגאַניזאַציעס. אין די „נאַציאָנאַלע פעראיינען" פון די 30־ער יאָהרען האָט זיך שוין בעוויזען — אמת טאַקע ניט קלאָהר און ניט דײַטליך, — די קלאַסען־סאָלידאַריטעט פון גאַנצען ענגלישען פּראָלעטאַריאַט. אין די „פעראייניגטע געזעלשאַפטען" פון די 50־ער יאָהרען

מיטעל, ווי דער בעריהמטער „עמיגראַציאָנס פאָנד", און באמת, מאַכענדיג אַ שטרייק, פערניכטען די אַרבייטער אין גאַנצען דעם אָנבאָט פון אַרבייטס קראַפט. איבער די שטרייקענדע זענען בכח אויסצוהאַלטען דעם שטרייק אין ניט צולאָזען אַרבייטער פון דער זייט, פערשטעהט זיך, אַז דער קויפער פון זייער אַרבייטס־קראַפט מוז אײַנוויליגען אויף אַלע בעדינגונגען. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז פערבלײַבענדיג שטעהן אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון קאָנקורענץ. מוזען מיר פאָרט אָנערקענען, אַז די סבה פון פערשפּעטעטע שטרייקען ליגט ניט אין דעם, וואָס דיעזער קאַמפּפ׳ס מיטעל איז ניט קיין גוטער, נאָר ווײַל די אַרבייטער זענען נאָך ניט שטאַרק אָרגאַניזירט, זיי זאָלען קענען ריכטיג אָרגאַניזירען דעם שטרייק און איהם אויסהאַלטען ביז׳ן סוף.

איז ניטאָ אַפּילו קיין שפּור פון קלאַסען־סאָלידאַריטעט; זיי ערקלערען אָפען, אַז זייער אויפגאַבע איז ניט צו קעמפּפען האַנד אין האַנד מיט דעם גאַנצען ענגלישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר צו דערהאַלטען זייער פּריווילעגירטע לאַגע אויף דעם חשבון פון די וועניגער־גליקליכע פּראָלעטאַריער — פון די ניט געלערנטע אַרבייטער.

פון דער אַנדער זייט געפינען מיר אין די פערא־יינען אַזעלכע איינענשאַפטען, וועלכע בעדייטען אַ שריט פאָרווערטס אים פערגלייך מיט די אָרגאַניזאַציעס פון די 30־ער יאָהרען. ערשטענס דאַרף מען דאָ דערמאָנען וועגען דער שטרעבונג פון די פעראייינען גרינדליך צו ערלערנען די לאַגע פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד. אַנשטאָט דעם זיך צו פערנעהמען מיט דער שטענדיגער קריטיק פון „די ניט פּראָדוקטיווע קלאַסען", אַנשטאָט צו איגנאָרירען די פּראָגראַם־און פּאָליטיק־פראַגען פון אַרבייטער־קלאַס, ווי דאָס פלעגען טהאָן די אָוועניסטען, האָבען זיך די נייע פעראייינען זעהר פיעל אָבגעגעבען מיט דער אויס־פאָרשונג פון אַרבייטערס־נויט אין זיינע פערשידענע פאָרמען. וועגען יעדער מעהר אָדער וועניגער וויכטיגע פראַגע, פלעגט מען אויסקלייבען אַ בעזונדערען קאָמיטעט, וועלכער האָט בעאַרבייט גענוי אויספאָרשען דעם ענין און צושטעלען אַ בעריכט. דורך דעם זענען די אַרבייטער אַלץ מעהר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען דאַרף האָבען אַן אַלגעמיין־טהעאָרעטישע פאָרברייטונג צו דער פּראַקטישער טהעטיגקייט. דער אַיינבינדער־פעראיין האָט אין יאָהר 1851 געגרינדעט אַ רייכע ביבליאָטעק און אַ לעזע־זאַל. דער פעראיין פון די שטיין־אַרבייטער האָבען אין יאָהר 1845 שטאַלץ ערקלערט, אַז זיינע מיטגליעדער האָבען „צום צוועק פון מאָראַלישע, פיזישע און גייסטליכע ענטוויקלונג" געגרינדעט אַ געזעלשאַפט, וועלכע פערנעמט זיך אין דער זעלבער צייט מיט דער וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג פון דער פראַגע, וואָס פאַר אַן־איינפלוס די מאַשינען־אויסבעסערונג האָט אויף די לאַגע פון דעם אַרבייטער־קלאַסס. אין יאָהר 1850 איז אויסגעוואַקסען אַ גאַנצע רייהע צייטונגען, וועלכע שטעלען אַרויס די ערנסטע וויסענשאַפט־ליכע פאָרברייטונג, אַלס אַ נויטוועגדיגע בעדינגונג פאַר דעם צוועק־מעסיגען קאַמפּף פון אַרבייטער קלאַסס. אַזוי למשל די צייטונג פון

די „פלינט-גלאָז אַרבײַטער" שרײַבט: „אויב איהר ווילט ניט אויף שטענדיג בלײַבען אין דער פריהערדיגער לאַגע, אויב איהר ווילט ניט לײַדען נאָך גרעסערע אונטערדריקונג, גיבען מיר אַנ'עצה קודם כל צו ערווערבען וויסענשאַפט, ווײַל וויסענשאַפט איז מאַכט. פאָלגט אינזער דרינגענדען ראַטה, פערברײַטערט אײַערע בילדונג, טרינקט אַנשטאָט בראַנפען די וויסענשאַפט: זי איז אַנגענעהמער — זי פערשאַפט אַ גרעסערען פערגעניגען".

דיזע שטרעבונג צו דער זעלבסט-בילדונג און צו וויסענשאַפט-ליכע אויספאָרשונגען פון די לעבענס-איינצעלהײַטען און אַרבײַטס-בעדינגונגען פון די אַרבײַטער האָט געבראַכט גרויסע נוצען די פעראײַנען פון די 50-ער יאָהרען. נאָר אַ דאַנק די ברײַטע פראַקטישע קענטניסען פון די אַרבײַטער, איז געלונגען אויסצואַר-בײַטען אַזאַ הערליכע און שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, ווי די „פעראײַ-ניגטע געזעלשאַפטען". נאָר אַ דאַנק דעם, האָבען די „פעראײַניגטע געזעלשאַפטען" ערגרײַכט אַזאַ בליהענדען צושטאַנד און פיעלע פון זײַ בליהען נאָך הײַנט.

אין די 60-יאָהרען בעמערקט מען אַ בעדײַטענדע ענדערונג אין דער טהעטיגקײַט פון די אַרבײַטער-פעראײַנען. די פעראײַ-ניגונג פון די געלערנטע אַרבײַטער האָט אונפערמײַדליך געבראַכט דערצו, אַז די פעראײַנען האָבען אָנגעהויבען קעמפפען פאַר אײַניגע געמײַנזאַמע קלאַסען-אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט. צוזאַמען מיט דעם עקאָנאָמישען קאַמפף, הויבט זיך אויך אָן אַ פּאָליטישער קאַמפף פאַר די פערברײַטערונג פון די פּאָליטישע רעכטע פון פּראָלעטאַריאַט; עס האָט אַ ביסעל אויפגעלעבט דער גײַסט פון דער אַלטער טשאַרטיסטישער בעוועגונג, האָטש אין אַ געלאַסענערער, און מעסיגערער פאָרם.

ווי מיר האָבען שוין דערמאָהנט, האָט אין מיטען XIX-טען יאָהרהונדערט די אָנפיהרענדע ראָלע פון די ענגלישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס געהערט די דרײַ גרויסע לאָנדאָנער פעראײַנען: „די פעראײניגטע געזעלשאַפט פון די מאַשין-בוי-אַרבײַטער", די „פעראײניגטע געזעלשאַפט פון טשעסליאַרעס" און די „פער-אײניגטע געזעלשאַפט פון אײַזען-שמעלצער". ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס לויט זײַערע סטאַטוטען זענען די פעראײַנען ניט בעוועזען אָבהענגיג אײַנער פון צווײַטען און האָבען ניט געהאַט קײַן

שוּם גֶעמֵיינזאַמֶע אַיינריכטוּנג, זֶענֶען זַיי גֶעוועֶזֶען אֵיין גאַנצֶעס, זַיי הָאבֶּען האַנד בַּיי האַנד גֶעקֶעמפּפט פאַר דִי אַלגֶעמֵיינֶע פּאָלִיטִישֶע אוֹיפגאַבֶּען. דִי אֵיינהַייט אִיז פֶערווִירקלִיכט אוּן גֶעשטִיצט גֶעווָארֶען דוּרך דֶעם, וואָס דִי גֶענֶעראַל-סֶעקרֶעטאַרֶען פוּן „דִי לָאנדאָנֶער פֶּערֶאֵיינִיגטֶע גֶעזֶעלשאַפטֶען" זֶענֶען גֶעוועֶזֶען צווִישֶען זִיך אִין זֶעהר נאָהֶענטֶע אוּן פריינדלִיכֶע בֶּעצִיהוּנגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעבִּילדֶעט אַנ'עֶנגֶען אוּן פֶעסטֶען קרַייז פוּן פרַיינד, כדי צוזאַמֶען אויסצואַרבַּייטֶען אוּן דוּרכצופִיהרֶען דִי אַרבַּייטֶער-פּראָגראַם. דֶער קרַייז, וועֶלכֶער אִיז בֶּעוואוּסט אוּנטֶער דֶעם נאָמֶען „יוּנטִי", אִיז בֶּעשטאַנֶען פוּן 5—6 מֶענשֶען, פוּן וועֶלכֶע מִיר ווֶעלֶען נאָר דֶערמאָהנֶען, 2 אַלס דִי גרֶעסטֶע. דאָס זֶענֶען גֶעוועֶזֶען ווִיליאַם אַללאַן, דֶער גֶענֶעראַל סֶעקרֶעטאַר פוּן דֶער פֶּערֶאֵיינִיגטֶער גֶעזֶעלשאַפט מאַשִין-אַרבַּייטֶער, אוּן ראָבֶּערט אַפּפּלֶעהאַרס, דֶער סֶעקרֶעטאַר פוּן דֶער פֶּערֶאֵיינִיגטֶער גֶעזֶעלשאַפט טִשֶעלִיאַרֶעס. עֶס אִיז ווערט צוּ בֶּעמֶערקֶען, אַז דאָ זֶענֶען צוּם עֶרשטֶען מאָל גֶעשטאַנֶען אִין דֶער שפִּיצֶע פוּן דֶער אַרבַּייטֶער-בֶּעוועֶגוּנג נִיט קַיין אִינטֶעלֶעגֶענטֶען—קִינדֶער פוּן דִי בּוּרזשואַזֶע גֶעזֶעלשאַפטלִיכֶע שִיכטֶען, ווִי לְמשל פלאַס, אָווֶען, אָקאָנאָר אוּן אַנדֶערֶע, נאָר אַרבַּייטֶער גופא, וועֶלכֶע זֶענֶען דוּרכגֶעגאַנגֶען דֶעם גאַנצֶען חדר פוּן דֶער שווֶערֶער פאַבּרִיק-אַרבַּייט.

אַללאַן, אַפּפּלֶעהאַרס אוּן זַייעֶרֶע חברים הָאבֶּען זִיך בֶּעצוֹיגֶען מִיט אַ גרוֹיסֶען אוּנצוּטרוֹי צוּ דֶער קאַמפּפס-פּאָלִיטִיק דוּרך שטרַייקֶען, אָן וועֶלכֶער ס'הָאבֶּען זִיך גֶעהאַלטֶען דִי פרִיהֶערדִיגֶע פֶערֶאֵיינֶען. נאָר, פֶערשטֶעהט זִיך, אַז זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אִין דִי אַרבַּייטֶער-פֶערֶאֵיינֶען דִי גרֶעסטֶע קראַפט פאַר אַ פִיעלזַייטִיגֶע אויסבֶּעסֶערוּנג פוּן דֶער אַרבַּייטֶער-לאַגֶע. זַיי הָאבֶּען אויך פֶערשטאַנֶען, אַז כדי דֶער קאַמפּף זאָל הָאבֶּען אַנ'עֶרפאָלג אִיז נוֹיטִיג דִי פאָלקאָמֶע גלַייכבֶּערֶעכטִיגוּנג פוּן פּראָלֶעטאַריאַט מִיט דִי פֶערמֶעגלִיכֶע קלאַסֶען. דִי „יוּנטַא" האָט גֶעפאָדֶערט גלַייכֶע סַיי פּאָלִיטִישֶע, סַיי בִּירגֶערלִיכֶע רֶעכטֶען פוּן אַרבַּייטֶער-קלאַס מִיט אַלֶע אַנדֶערֶע שִיכטֶען פוּן דֶער עֶנגלִישֶער גֶעזֶעלשאַפט. לוֹיט זַייעֶר מֵיינוּנג דאַרף דִי פֶערנִיכטוּנג פוּן פּאָלִיטִישֶע פּריווִילֶעגִיעֶס, דִי פאָלקאָמֶע פרַייהַייט אִין דֶער גֶעזֶעלשאַפטלִיכֶער טהֶעטִיגקַייט פוּן דִי אַרבַּייטֶער, צוזאַמֶען מִיט דֶער עֶרהֶעבּוּנג פוּן דֶעם גַייסטִיגֶען צוּשטאַנד פוּן

פאָלק, פיהרען צו דער הערשאַפט פון עקאָנאָמישער גערעכטיגקייט.

אונטער דער אָנפיהרונג פון דיזע פאָרשטעהער האָבען די לאָנדאָנער און פּראָווינציעלע פערעאינען פון ענגלאַנד זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם קאַמפף פאַר אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, פאַר די פערניכטונג פון דעם באַרבאַרישען געזעץ „וועגען בעלי־בתים און משרתים" פאַר די אָרגאַניזירונג פון אַלגעמיינע בילדונגס־איינריכטונגען דורך די מלוכה און פאר די פאָלקאָמע פרייהייט פון די אַרבייטער־פערעאינען.

דער קאַמפף פון די אַרבייטער פערעאינען אין די 60־ער יאָהרען פיהרט זיך איבערהויפּט כּאַר איין פאָדערונג, פאַר פאָלקאָמע פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג פון אַלע בירגער פון דעם לעצטען טרעגער ביז דעם גרעסטען ענגלישען לאָרד. די פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג איז געוואָרען דער קאַמפפ׳ס־לאָזונג ניט נאָר פון די גרויסע לאָנדאָנער פערעאינען, נאָר פון דעם גאַנצעם אָרגאַניזירטען און בעוואוסטזיניגען טייל פון ענגלישען פּראָלעטאַריאַט. נאָר בעזונדערע, זעלבסטשטענדיגע פערעאינען, צוואָרפענע איבער פערשיעדענע שטעדט און שטעדטלאַך פון ענגלאַנד אָהן אַ שום פערבינדונג צווישען זיך, האָבען ניט געקענט דורכפיהרען אַן אַל־געמיינע פּראָגראַם פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס. צו דיזען צוועק האָבען געמוזט געגרינדעט ווערען צענטראַל־איינריכטונגען, וועלכע זאָלען פעראייניגען און אָנפיהרען די טהעטיגקייט פון די אָבגעזונדערטע אָרגאַניזאַציעס. אַזעלכע איינריכטונגען האָבען באמת אָנגעהויבען אויסצואוואַקסען אין לאָנדאָן, גלאַזגאָ, ליווערפּול, עדינבורג און נאָך אַנדערע אינדוסטריעלע צענטרען אין ענגלאַנד. יעדע פון דיזע איינריכטונגען האָט געהייסען „פּראָפעסיאָנעלער ראַטה". זיי אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנדערע נאָר לויט דעם אָרט, וואו זיי האָבען זיך געפונען: לאָנדאָנער פּראָפעסיאָנעלער ראַטה, ליווערפּולער א. ז. וו. וואָס אָנבעלאַנגט זייער ענטשטעהונגס פאָרם, פלעגען זיי אין אָנהויב אויסוואַקסען אַלס אַ צייטווייליגע פעראייניגונג, כּדי דורכצופיהרען וועלכע עס איז ספּעציעלע פאָדערונגען. אַזוי, למשל, דער לאָנדאָנער ראַטה איז אויסגעוואַקסען פון „שטרייק־קאָמיטעט", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען דורך פערשיעדענע אַרבייטער־פערעאינען, צו שטיצען דעם גרויסען שטרייק פון די בוי־אַרבייטער

אין יאָהר 1859—1860 . „נאָך דעם ווי עס האט זיך געענדיגט דער גרויסאַרטיגער קאַמפּף" — שרייבּט דער ראַטה אין זיין בּעריכט — „איז קלאָהר אַנערקענט געוואָרען, אַז עס איז נויטיג צו אָרגאַניזירען אַנ'אַלגעמיינעם קאָמיטעט פון אַלע פאַכען, כדי אין פאַל פון אַ נויט, זאָלען פערשידענע פעראיינען זיך קענען שטיצען מיט ראַטה און טהאַט איינע די אַנדערע". אָט די „פּראָפעסיאָנעלע ראַטה'ען" האָבּען געדינט אַלס פערמיטלער, דורך וועלכע די פּאָליטישע אידעען פון דער לאָנדאָנער יונטאַ פלעגען זיך פערשפּרייטען און וועלכע האָבּען פעראייניגט דעם גאַנצען אַרבּייטער־קלאַס אונטער דעם פּאָהן פון אַ געמיינזאַמער פּאָליטישער פּראָגראַם אין אָנהויב 60־ער יאָהרען איז די ראַטהען אויסגעקומען הויפּטזעכליך צו געבּען אַ ווידערשטאַנד די אָנפאַלען פון דער רעגירונג און פאַבּריקאַנטען אויף די זעלבּסטשטענדיגקייט פון די אַרבּייטער.

אַזוי אין יאָהר 1860 איז דער לאָנדאָנער ראַטה אַרויס־געטראָטען געגען דער רעגירונג, וועלכע האָט געוואָלט מיט דער הילף פון סאָלדאַטען ענדיגען די קאַזאַרמען, וואָס זענען געבּליבּען שטעהען ניט פאַרטיג, צוליעבּ דעם שטרייק פון די בּוי־אַרבּייטער. נאָר די ראַטהען האָבּען ניט בּעגרענצט זייער טהעטיגקייט מיט ריין־פּראַקטישע אויפגאַבּען פון דעם איצטיגען מאָמענט. זיי האָבּען זיך אויך געסטאַרעט צו פערבּרייטען דעם פּאָליטישען בּעוואוסטזיין פון די ענגלישע אַרבּייטער, זיי בּעקאַנט מאַכען מיט די פּאָליטישע אָרדנונגען אין אַנדערע לענדער און, ווי ווייט מעגליך, שטעהען אין דירעקטער פערבּינדונג מיט די אַרבּייטער פון אַלע אייראָפּיישע לענדער. אַזוי למשל אין יאָהר 1862 האָט דער לאָנדאָנער ראַטה געגרינדעט אַ גראַנדיעזע מאַניפעסטאַציע לכבוד דער בּעפרייאונג פון איטאַליען דורך גאַריבּאַלד'ן. ער האָט צוזאַמען־געררופען אַ גרויסען מיטינג, כדי אויסצודריקען זיין מיטגעפיהל דער מלחמה פון די צפון־אַמעריקאַנישע שטאַטען געגען די דרום שטאַטען פון די שקלאַפען אייגענטהימער פאַר די בּעפרייאונג פון די נעגרען. אין יאָהר 1866 האָט דער לאָנדאָנער ראַטה געשיקט זיינע דעלעגאַטען אויף דעם קאָנגרעס פון בּעוואוסטען „אינטערנאַציאָנאַל", וועלכען קאַרל מאַרקס האָט געגרינדעט. אין דעם אייגענעם יאָהר האָבּען די ראַטהען אָרגאַניזירט אַ בּרייטע אַגיטאַציע פאַר די וואַהל־

רעפאָרמען. אַזאַ אַגיטאַציע, אַ דאַנק וועלכער דער גרעסטער טייל אַרבייטער האָט בעקומען וואהל־רעכט (1867־טען יאָהר)*).

די גרעסטער טהאַט פון די „ראַטהען' אין משך פון 1860 ביז 1867־טען יאָהר איז געוועזען דער קאַמפף געגען דעם געזעץ „וועגען די בעלי־בתים און משרתים". דאָס געזעץ איז, ווי מען דערקענט שוין פון נאָמען, געוועזען גאָר אַ גרויסער זקן. אייניגע פעראָרדנונגען פון דעם געזעץ זענען נאָך געבליבען בירושה פון יאָהר 1343, ווען די רעגירונג האָט נאָך דער עפּידעמיע און אונאָרדנונגען, וועלכע זי האָט אַרויסגערופען, געהאַלטען פאַר נויטיג איינצוצאַמען די „צולאָזענע משרתים". די אַנדערע פּאַראַגראַפען געהערען דער געזעצגעבונגס־עפּאָכע פון ע ל י ז אַ ב ע ט ע וועגען די לעהר־אינגלעך. די אויסאַרבייטונג פון דיזען געזעץ איז פערענדיגט געוואָרען אין XVIII־טען יאָה־הונדערט. אין אַזאַ פערבעסערטע און פערפוצטע פאָרם האָבען די פערפוילטע שטיקלעך פון דעם באַרבאַרישען האַלב־לייבאייגענשאַפטליכען אַלטערטהום בעקומען אין די הענד פון די פאַבריקאַנטען די קראַפט פון אַ מעכטיגען געוועהר צו דערשטיקען יעדער פראָטעסט פון די אַרבייטער: „אין די יעצטיגע צייט — שרייבט אַ היסטאָריק פון דער אַרבייטער־בעוועגונג אין ענגלאַנד — אַז די גלייכבערעכטיגונג איז שוין געוואָרען אַן'אַקסיאָמע (אַן'אמת וואָס מען בעדאַרף ניט דערווייזען) איז שווער צו פער־שטעהען, ווי אַזוי האָט אַפילו דער בורזשואַזיר פאַרלאַמענט געקענט ערקלערען פאַר רעכטפערטיג אַזעלכע געוואַלדיגע אונגערעכטיגקייטען, ווי דאָס געזעץ „וועגען די בעלי־בתים און משרתים". לויט דעם געזעץ איז דער אונטערנעהמער, וועלכער האָט עובר געווען דעם קאָנטראַקט מיט די אַרבייטער, געוועזען פעראַנטוואָרטליך נאָר פאַר דעם דירעקטען שאָדען, וועלכען ער האָט געבראַכט דעם אַרבייטער,

*) די רעפאָרם פון יאהר 1867 האט פערדאפעלט די צאהל פון די וועהלער, וועלכע איז ביז אהער געוועזען אַן'ערך פון 900 טויזענד. אלע בירגער, וועלכע פיהרען א זעלבסטשטענדיגע פאמיליען ווירטשאפט, האבען בעקומען וואהלרעכט. מיר וועלען פארביינעהענדיג בעמערקען, אז אין יאהר 1872 איז געווארען איינגעפיהרט די געהיימע אבשטימונג, וועלכע פערזיכערט דעם ארביימער־וועהלער די אונאבהענגיגקייט פון דעם פאבריקאנטס איינפלוס, אין אין יאהר 1884 איז די צאהל פון די וועהלער אויפ'ס נייע פערגרעסערט געווארען אויף צוויי מיליאן, ד. ה. נאך מעהרער ווי פערדאפעלט אין פערגלייך צום 1867־טען יאהר. די וואהל־רעפארמען פון 1884 בעשאפט כמעט אַן'אלגעמיינע וואהל־רעכט.

דער אַרבּייטער אָבּער, ווען ער האָט עוֹבר געווען דעם קאָנטראַקט, האָט גּעהייסען אַ קרימינאַל-פערברעכער. און אַחוץ דעם שאָדען, וועלכען ער האָט בּעדאַרפט בּעצאָהלען, פלעגט ער נאָך פערמשפּט ווערען אויף דריי חדשים טורמע.

אַחוץ דעם, האָט דער אַרבּייטער ניט געהאַט דאָס רעכט אַרויסצורופען עדות אויפ'ן געריכט. אויף דעם פּסק פון פריעדענסריכטער האָט מען שוין ניט געקענט אַפּעלירען, און אַפילו דאָס זיצען אין געפענגנים האָט נאָך אויך נישט בּעפרייט דעם אַרבּייטער פון זיין פערבּרעכען, וואָס ער האָט עוֹבר געווען דעם קאָנטראַקט. אויבּ ער האָט נאָך דעם, ווי ער איז אַרויס פון געפענגניס ניט געוואָלט ערפילען דעם אָבּמאַך, האָט מען איהם געקענט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אַריינזעצען אין געפענגניס פאַר דער אייגענער עבירה. די קאַפּיטאַליסטען האָבּען זיך זעהר בּרייט בּענוצט מיט דעם געזעץ. אַזוי אין יאָהר 1863 זענען אויף דעם סמך פון געזעץ „וועגען בּעלי-בּתים און משרתים" פערמשפּט געוואָרען 10,399 אַרבּייטער. די „פּראָפעסיאָנעלע ראַטהען" אין לאָנדאָן, בּריסטאָל, שעפּילד, נאָטענהאַם, ניוקעסטעל און עדינבּורג האָבּען אָנגענומען אַלע מיטלען צו אָרגאַניזירען אַ בּרייטע אַגיטאַציע פאַר די אָבּשאַפונג פון דיזען געזעץ, עס איז אָבּגעדרוקט געוואָרען אין 15 טויזענד עקזעמפּליאַרען אַ בּראָשורע וועלכע האָט קריטיקירט דאָס געזעץ, און אין יאָהר 1864 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די דעלעגאַטען פון אַלע אַרבּייטער-פעראיינען מיט דעם ציעל צו בּעהאַנדלען די קאַמפּפסמיטלען געגען דעם געזעץ. מען האָט בּעשטימט צו ווירקען אויף דעם פּאַרלאַמענט. צו דיזען צוועק איז מען אַריינגעטרעטען אין פערבּינדונג מיט איינצעלנע ראַדיקאַלע מיטגליעדער פון פּאַרלאַמענט אויסער דעם האָבּען די אַרבּייטער צוזאַמענגערופען אַ פערזאַמלונג פון פּאַרלאַמענט-מיטגליעדער אין געבּיידע פון פּאַלאַטע, אויף וועלכער די פאָרשטעהער פון די אַרבּייטער-פעראיינען האָבּען אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען פון דעם אַרבּייטער-קלאַס.

סוף כל סוף האָט דער מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט קאָבּעט גענומען אויף זיך אַריינצוטראָגען אַ געזעץ-פּראָעקט לויט די פאָדערונגען פון די אַרבּייטער און איינינע פּאַרלאַמענטאַרישע טהוער האָבּען צוגעזאָגט איהם צו שטיצען.

דער קאַמפּף פאַר דיִ אָבשאַפונג פון געזעץ „וועגען בעלי־בתים און משרתים" האָט זיך געצויגען ביז 1867־טען יאָהר, ווען דיִ אַרבייטער איז ענדליך געלונגען זיך צו דערשלאָגען דיִ וויכטיגסטע פאָדערונגען. אין יאָהר 1867 איז דורכגעפיהרט געוואָרען אַ נייער געזעץ, וועלכער האָט פערניכטעט דיִ שווערסטע אונגערעכטיגסטע פונקטען פון דעם געזעץ.

דער פּאַרלאַמענטאַרישער נצחון האָט אַרויסגערופען נאָך אַן ענערגישערע בעטייליגונג פון דעם גאַנצען ענגלישען אַרבייטער־קלאַס אין פּאָליטישען קאַמפּף.

ביז אַהער האָבען גענומען אַ וויכטיגען אַנטהייל אין פּאָליטיק נאָר דיִ גרויסע לאָנדאָנער פעראיינען. אין די פּראָווינציעלע אָרגאַניזאַציעס, וואו מען האָט נאָך ניט פערגעסען וועגען דיִ טשאַרטיסטישע מפלות, האָט מען זיך פערהאַלטען גלייכגילטיג צו דעם קאַמפּף פאַר פּאָליטישע רעכטען. דער נצחון אין יאָהר 1867 האָט בעדייטענד אויפגעהויבען דעם גייסט פון דיִ פּראָווינציעלע אַרבייטער. יעצט האָט זיך אַרום דער פּאָליטישער פּראָגראַם פון דער „יונטאַ" באמת זיך פעראייניגט דער גאַנצער אַרבייטער־קלאַס פון ענגלאַנד און ניט נור לאָנדאָן מיט עטליכע פּראָווינציעלע ראַטהען. די פעראייניגונג און דיִ געהויבענע שטימונג איז אין דיזען מאָמענט געווען ווי צוגעפּאַסט. אָנהייבענדיג פון יאָהר 1867 איז דיִ אַרבייטער אויסגעקומען אַריינצוטרעטען אין אַ האַרטנעקיגען און לאַנגען קאַמפּף מיט דעם פּאַרלאַמענט.

דער וואוקס און דער איינפלוס פון די לאָנדאָנער „פעראייניגטע געזעלשאַפטען", די ענטשטעהונג פון פערשידענע „ראַטהען" די אויפלעבונג פון די פּראָווינציעלע אַרבייטער־פעראיינען אין דער צייט פון קאַמפּף געגען געזעץ וועגען „בעלי־בתים און משרתים", ענדליך דער נצחון פון די אַרבייטער אין יאָהר 1867,— אָט דיִ אַלע סמנים פון דער נייער אַרבייטער־בעוועגונג האָבען אַרויסגערופען אַ שרעקליכע אויפרעגונג צווישען די רייכע קלאַסען אין ענגלאַנד. דער פּחד פאַר די אַרבייטער־פעראיינען האָט אַרומגענומען די גאַנצע בירזשואַזיע.

ניט נאָר דיִ פאַבריקאַנטען האָבען געפאָדערט מען זאָל פערשטאַרקען דיִ גזירות־געזעצגעבונג געגען די אַרבייטער־פעראיינען, נאָר די גאַנצע בורזשואַזיע פּרעסע האָט אויפגעהויבען אַ יאָמער וועגען

די נויטווענדיגקייט צו דערשטיקען דעם „טעראָר" פון די אַרבייטער־פעראיינען.

די אויפרעגונג פון דער בורזשואַזיע האָט ערגרייכט די העכסטע מדרגה, בעת מען האָט ענטדעקט איניגע געוואַלדטהאַטען פון די אַרבייטער אין שעפילד. וואָס דאָרט איז געוועזען — ווייס מען נאָך עד היום נית. דער איינציגער אמת'ער פאַקט איז נאָר דאָס, אַז אין אַ הויז פון אַנ'אַרבייטער, וועלכער האָט נית געהערט צום פעראיין האָט אויפגעריסען אַ באָמבע. אָט דיזע אויפרייסונג איז געוועזען אַנ'אמת'ער טריאומף פאַר די בורזשואַזע שונאים פון די אַרבייטער־פעראיינען. דער בורזשואַ האָט זיך מיט דעם בענוצט צו בעשולדיגען אַלע אַרבייטער־פעראיינען אין טעראָריסטישע אַטענטאַטען. וועגען דער נאַרישער געשיכטע אין שעפילד האָט די בורזשואַזע פרעסע אויפגעהויבען אַזאַ געפילדער, גלייך ווי די גאַנצע פעראייניגטע מלוכה וואָלט געשטאַנען אין אַ סכנה. די גאַנצע אָרטיגע פאָליציי האָט גענומען אַרבייטען אויף אַלע כלים. נאָר נית קוקענדיג אויף אַלע „פליסיגע" פאָליציי־אישע אויספאָרשונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז אין דער שעפילדער אויפרייסונג איז געוועזען פערמישט נאָר אַקליינער הייפעל אַרבייטער, וועלכע האָבען נית געשפיעלט קיין שום בעדייטענדע ראָלע אין די אָרטיגע אַרבייטער־פעראיינען.

נאָר נית קוקענדיג אויף דעם, וואָס אַפילו לויט די פאָליציי־אישע בעריכטען האָבען די אַרבייטער־פעראיינען קיין שום שייכות נית געהאַט צו דעם שעפילדער צופאַל, האָט פונדעסטוועגען די בורזשואַזיע ענערגיש געפאָדערט אַ ספּעציעלע רעגירונגס־קאָמיסיע אויסצופאָרשען די „פערברעכערישע" טהעטיגקייט פון די אַרבייטער־פעראיינען. דער יאָמער פון די פאַבריקאַנטען און בורזשואַזע צייטונגען איז פריינדליך אויפגענומען געוואָרען ביי דער בורזשואַזער רעגירונג, און אין יאָהר 1867 האָט די קעניגין אין איהר טראָהן־רעדע פייערליך מבשר געוועזען, אַז מען האָט בעשטימט אַ ספּעציעלע קעניגליכע קאָמיסיע אויסצופאָרשען די שעפילדער געשיכטע און די פראַגע וועגען די אַרבייטער־פעראיינען בכלל.

כדי צו פערטהיידיגען זייערע רעכטען ביי אַזאַ קריטישע לאַגע, האָבען די אַרבייטער־פעראיינען געמוזט צוזאַמענקומען אַלע זייערע קרעפטען. אַלס אָנפיהרער אין דעם קאַמפף פאַר די

עקזיסטענץ פון די פּערעאיינען זענען אַרויסגעטראָטען די מיטגליעדער פון דער „יונטאַ". די לאַגע פון די אַרבייטער איז געוועזען זעהר אַ שווערע, ווייל די קאָמיסיע איז בעשטאַנען בלויז פון רעגירונגס-בעאַמטע, וועלכע זענען געוועזען אַזוי פיינדליך צו די אַרבייטער-פּעראיינען, דאָס זיי האָבען להלוטין ניט געוואָלט אויסהערען קיין שום טענות פון די אַרבייטער,

נאָר נאָך אַ שטאַרקע אַגיטאַציע האָט ראָבערט אַ פּ פּ ע ל-ה אַ ר ט זיך דערשלאָגען, מען זאָל איהם איינלאַדען אין קאָמיסיע אַלס אַנ'עדות. אַפּפּעלהאַרט'ן איז געלונגען קלאָר און דייטליך צו בעווייזען, אַז די „פּעראייניגטע לאָנדאָנער געזעלשאַפטען" האָבען קיינמאָל ניט אַרויסגערופען קיין שטרייקען און די קאַססעס האָבען געדינט הויפּטזעכליך נאָר אויף געגענזייטיגע הילף. אַחוץ דעם האָט ער אויך בעוויזען אַז אין די לאָנדאָנער פּעראיינען איז ניט געוועזען קיין זכר פון פערשווערונגס-געהיימניסען. פאַרקערט, זייער גאַנצע טהעטיגקייט איז איבעראַל געוואָרען פּובליקירט. ער האָט אויך בעוויזען, אַז די פּעראיינען האָבען ניט אָנגעווענדעט קיין שום מיטלען געגען דער מאַשינען-בענוצונג, געגען דעם, וואָס מען האָט אויסגעשריעבען אויסלענדישע אַרבייטער, געגען דער פרייער אַרבייט פון די לעהרען-אינגלעך. נאָך מעהר, פון אַפּפּעל'האַרט'ס רעד האָט זיך זאָגאַר אַרויסגעוויזען, אַז די לאָנדאָנער פּעראיינען האָבען אַפילו ניט געקעמפּפט געגען אַזאַ צרה, ווי די שטיק-אַרבייט, איבער-שטונדען אַרבייט. אַ כלל, נאָך אַפּפּעלהאַרט'ס גוט בעגרינדעטע און זיכערע ראיות איז קיין שום ספק ניט געבליבען, אַז די פּעראייניגטע געזעלשאַפטען פון לאָנדאָן, האָבען ניט נאָר ניט געהאַט קיין שום רעוואָלוציאָנערע אַבזיכטען נאָר, פאַרקעהרט, זיי האָבען גיכער פּערדינט מען זאָל זיי בעשולדיגען אין ציפיעל מעסיגקייט און קורצזיכטיגקייט. די פאַבריקאַנטען האָבען זיך פון דעסטוועגען ניט אָבגעזאָגט פון זייערע בעשולדיגונגען. זייערע בעווייזען פאַר דער קעניגליכער קאָמיסיע זענען אָבער פאָרט ניט געוועזען אַזוי זיכער און איבערצייגענד, ווי די בעווייזען פון די אַרבייטער-פאָרשטעהער.

די פאַבריקאַנטען האָבען ניט געבראַכט קיין איין בעווייז אום צו בעשטעטיגען זייערע בעשולדיגונגען. זיי האָבען פשוט אויסגעגאָסען זייערע ביטערע הערצער אין אונבעגרינדעטע אָנקלאָגען; זיי האָבען זיך בעקלאָגט, אַז „די הייליגע רעכטען פון די אייגענטימער"

ווערען געטראָטען אונטער די פיס. איבערהויפּט האָבען זיי געזוכט צו מאַכען אַנ׳איינדרוק ניט מיט בעווייזען, נאָר מיט געוועהנליכע בורזשואַזע שעהנע ווערטער. מיט איין וואָרט, די אַרבּייטער איז געלונגען אַזוי קלאָהר צו בעווייזען די פאַלשקייט און ליגען פון אַלע בעשולדיגונגען, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרען געגען די אַרבּייטער-פעראיינען, אַז אפילו איניגע בורזשואַזע צייטונגען האָבען אָראָבגעלאָזען זייער טאָן אין די אַרטיקלען וועגען דער אַרבּייטער-בעוועגונג. די צייטונג „טיימס" (די צייט) האָט אָנשטאָט דונערנדע אַרטיקלען געגען דעם „טעררער פון די פעראיינען" געשריבען, אַז דער בעסטער מיטעל וואָלט געווען לאָזען די פעראיינען פריי זיך צו ענטוויקלען. די צייטונג האָט פערזיכערט, אַז דאַמאָלסט וועט דער גאַנצער ראַדיקאַליזם אויסוועבען פון זיך אַליין און די אַרבּייטער-פעראיינען וועלען זיך אין גאַנצען דורכדרינגען מיט דעם פערנונפט פון דער בורזשואַזער געלאַסענהייט און פּינקטליכקייט.

ווי פיינט די קעניגליכע קאָמיסיע האָט ניט געהאַט די אַרבּייטער-פעראיינען, האָט זי, ביי אַזעלכע בעדינגונגען ניט געקענט אָפען זיך שטעלען אויף דער זייט פון די פאַבריקאַנטען. זי האָט געהאַלטען פאַר בעסער זיך צו בענוצען מיט דער יעזואי-טישער טאַקטיק. איהרע בעריכטען זענען געווען אַזוי צוזאַמענ-געשטעלט, אַז אויפ'ן ערשטען קוק האָט מען געקענט מיינען, דאָס זי איז גענייגט לטובת די אַרבּייטער-פעראיינען. באמת אָבער האָט זי אָבגענומען פון די ענגלישע אַרבּייטער יעדע מעגליכקייט צו פיהרען אַנ׳אָרגאַניזירטען קאַמפף. דער פּראָיעקט פון דער קעניגליכער קאָמיסיע האָט פאָרגעלעגט מען זאָל געבען אַלע אַרבּייטער-פעראיינען פאָלקאָמע פרייהייט, אַחוץ יענע פעראיינען, וועלכע האָבען בדעה דורך זייער טהעטיגקייט עובר צו זיין די קאָנטראַקטען. כדי דאָס געזעץ זאָל קענען בעשיצען די פעראיינס-קאַסע פון גזלות, איז דער פעראיין פערפפליכטעט זיך מעלדען ביי אַ רעגירונגס-בעאַמטען.

אַלע פעראיינען האָבען דאָס רעכט זיך צו רעגיסטרירען (געזעצליך פערשרייבען), אַחוץ די, וועלכע קעמפפען געגען די איינפיהרונג פון נייע מאַשינען, וועלכע שטרעבען צו בעגרענצען די צאָהל פון די לעהרענאינגלעך אָדער וועלכע זענען געגען דעם שטיק-לוין און געגען איבער-שטונדען-אַרבּייט.

אַ חוץ דעם, פערלירען די פעראיינען, וועלכע האָבען לויט זייערע סטאַטוּ־טען אַ ספּעציעלע אויפגאַבע צו שטיצען אַ נ ד ע ר ע  פ ע ר א ײ נ ע ן  א י ן  ד ע ר  צ ײ ט  פ ו ן  ק אַ מ פּ ף, זייער רעכט צו עקזיסטירען.

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז די פּאָרלאַגע פון דער קאָמיסיע איז געוועזען מען זאָל אין גאַנצען צושטערען די געזעצ־ליכע עקזיסטענץ פון די אַרבייטער־פעראיינען. אויף די בעדינגונגען, וועלכע די קאָמיסיע האָט פאָרגעלעגט, וואָלט קיין שום־אַרבייטער־פעראיין ניט געוואָלט זיך רעגיסטרירען, ווייל זיי אָננעהמען וואָלט הייסען: זיך אָבזאָגען פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון אַרבייטער־פעראיינען.

יעצט איז שוין קיין חידוש ניט, וואָס די ענגלישע אַרבייטער האָבען אָנגעהויבען ענערגיש צו קעמפּפען געגען דער פּאָרלאַגע פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע. קודם כל האָבען די אַרבייטער בעשטימט צו ווירקען אויף די מיטגליעדער פון פּאַרלאַמענט אין דער צייט פון די אַלגעמיינע וואַהלען אין יאָהר 1868. ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, האָט די מעהרהייט אַרבייטער בעקומען אין יאָהר 1867 וואַהלרעכט. אין יוני 1868 האָט די „יונטאַ" פאַנאַנדערגעשיקט אַ צירקוליאַר צו אַלע אַרבייטער פון די פעראיינען, אין וועלכען זי האָט רעקאָמענדירט אָבצוגעבען זייערע שטימען ביי די וואַהלען נאָר פאַר די קאַנדידאַטען, וועלכע זאָגען צו צו פערטהיידיגען אין פּאַרלאַמענט די פּראָגראַם פון די אַרבייטער־פעראיינען. אין 1869־טען יאָהר האָט דער מיטגליעד פון פּאַרלאַ־מענט ג אַ ר ר י ס אָ ן, אַ פריינד פון די אַרבייטער־פעראיינען, אַריינגעטראָגען אַ פּאָרלאַגע אין פּאַרלאַמענט, מען זאָל אָבשאַפען די געזעצען געגען די אַרבייטער־פעראיינען. ג אַ ר ר י ס אָ ן האָט געפאָדערט מען זאָל אָבשאַפען אַלע ספּעציעלע געזעצען וועגען די אַרבייטער קאָנטראַקטען. אַלס יסוד פון זיין פּאָרלאַגע האָט ער אַרויסגעשטעלט דעם געדאַנק, אַז ק יי נ ע  ט ה אַ ט ע ן  פ ו ן  ד י  אַ ר ב יי ט ע ר  פ ע ר א יי נ ע ן  ד אַ ר פ ע ן  נ י ט  ג ע ר ע כ ע נ ט  וו ע ר ע ן  אַ ל ס  פ ע ר ב ר ע כ ע ר י ש ע, א ו י ב  ד י  אֵ יי ג ע נ ע  ט ה אַ ט ע ן  ה יי ס ע ן  נ י ט  אַ  פ ע ר ב ר ע כ ע ן, וו ע ן  אֵ יי ן  מ ע נ ש  ט ה ו ט  ז יי. גאַריסאָנ'ס פּאָרלאַגע האָט בעגעגענט אין פּאַרלאַמענט אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. די „יונטאַ" האָט אָרגאַ־ניזירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע פאַר די פּאָרלאַגע. פון אַלע וואַהל־

קרײַזען האָט מען שטאַרק געווירקט אויף די מיטגליעדער פון פאַרלאַמענט. אין דעם עקכעטערער זאַל אין לאָנדאָן איז געוועזען אַ גראַנדיעזע אַרבײַטער־דעמאָנסטראַציע, וואו עס איז בעשטימט געוואָרען אָנצונעהמען אַלע מיטלען, צו צווינגען די רעגירונג זי זאָל אָבשאַפען די פערהאַסטע געזעצען, וועלכע בעגרענצען די טהעטיגקײַט פון די פעראײנען.

אײַנזעהענדיג, אַז דער ווײַטערדיגער ווידערשטאַנד געגען די אַרבײַטער איז אונמעגליך, האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבען אַ פּראָמעלען צוזאָג דורכצופיהרען אין דער פאָלגענדער פּאַרלאַ־מענטאַרישער זיצונג אַ געזעץ, וואָס זאָל בעפרידיגען די הױפּט פאָדערונגען פון די אַרבײַטער. די רעגירונג האָט נאָר געוואָלט געווינען צײַט, כדי די פאָדערונגען פון די אַרבײַטער זאָלען דערווײַל פאַרגעסען ווערען. דאָס איז איהר אָבער ניט געלונגען. די אַגיטאַציע פון די אַרבײַטער פעראײנען איז ניט אָבגעשוואַכט געוואָרען, פערקערט זי איז אַלץ מעהר געוואַקסען, און אין יאָהר 1871 איז די רעגירונג געצוואונגען געוועזען אַרײַנצוטראָגען אין פּאַרלאַמענט און דורכפיהרען דעם געזעץ־פּראָיעקט, לויט וועלכען יעדער פערבאַנד, ווי ברײַט זײַן פּראָגראַם זאָל ניט זײַן, האָט בעקומען דאָס געזעצליכע רעכט פרײַ צו עקזיסטירען.

דאָס נײַע געזעץ האָט נאָך אַלץ ניט געגעבען קײַן גאַראַנטיעס אויף די געזעצליכע אַנערקענונג פון די פעראײנען, ווי דאָס האָבען געפאָדערט די אַרבײַטער. אמת טאַקע אַז דאָס נײַע געזעץ האָט אָבגעשאַפט אַלע פריהערדיגע אונטערדריקונגען, נאָר אויף זײַער אָרט האָט ער אַרויסגעשטעלט אַנדערע זעהר וויכטיגע בעגרענצונגען פאַר די טהעטיגקײַט פון די פעראײנען. די מעשה איז אַזוי. דאָס נײַע געזעץ האָט ענטהאַלטען, צוזאַמען מיט דעם פּאַראַגראַף וועגען געזעצליכע אַנערקענונג פון יעדער פעראײן, אויך אַ פּונקט וועלכער האָט פערבאָטען די פעראײנען צו געברויכען געוואַלדטהאַטען אָדער סטראַשונקעס, סײַ אין די בעציהונגען צו די פאַבריקאַנטען און סײַ צו די אַרבײַטער. דער לעצטער פּונקט איז געוועזען זעהר אונקלאָהר און צווײדײַטיג. אויף יעדען שריט און טריט טרעפען מיר דאָרטען אויך אַזעלכע אויס־דריקען פּונקט ווי אין דעם אַלטען געזעץ געגען קאָאַליציע, למשל: „דריקונג“ „בעלאַסטונג“ „סטראַשונקעס“ „וואַרפען אַן אימה“

א. ז. וו. קײן פשט אויף די װערטער איז ניט געװעזען. פערשטעהט זיך, אז איב די ריכטער לעבען נאר בשלום מיט די פאבריקאנטען, קענען טען אונטער אזעלכע אונדײטליכע פונקטען פערשטעהען פשוט׳ע אונשילדיגע מעשים.

און באמת, אין דעם אײגענעם יאהר 1871 זענען זיבען פרויען פערמשפט געװארען צו געפענגניס דערפאר, װײל זײ האבען, כלומרשט „געסטראשעט" די ארבײטער פון א פאבריק, װעלכע האבען געגען דעם בעשלוס פון פעראײן בעשטימט אויפהערען צו שטרײקען. איהר חידושט אײך אידאי, װי אזוי האבען דאס 7 פרויען געקענט אײנשרעקען א־א מאסע ארבײטער פון א גרויסער פאבריק. באמת איז דאס גאר פשוט. די פרויען זענען געשטאנען בײ די טויערען פון דער פאבריק און האבען בעגלײט מיט פער־אכטונגס אויסרופען די, װעלכע האבען ניט אויסגעהאלטען דעם שטרײק. אין דעם זענען בעשטאנען זײערע אלע „סטראשונקעס". דער פריעדענסריכטער האט דאך געפונען, אז די אויסגעשרײען פון די פרויען זענען אזוי געפעהרליך פאר די ארבײטער, אז ער האט זיך ניט געשעמט ארײנצוזעצען די אומגליקליכע אין געפענגניס. אזעלכע פאקטען, װעלכע דערװײזען, װי דאס געזעץ איז אויס־גענוצט געװארען, קענען מיר געפינען הונדערטער; מאסען ארבײ־טער האט מען אײנגעשלאסען אין די געפענגניסען פאר א פראס־טען זידעל־װארט.

מיט אײן װארט, דער בעריהמטער פאראגראף האט געמאכט צו גארניט אלע ערלויבניסען פון געזעץ און האט געמאכט פאר אונמעגליך צו פיהרען רעגעלמעסיג א שטרײק.

פערשטעהט זיך, אז די ארבײטער האבען זיך ניט געקענט בעפריעדיגען מיט דעם געזעץ.

אין יאהר 1874, װען עס האבען זיך אנגעהויבען די װאה־לען אין פארלאמענט, האט די אויפרעגונג און די אגיטאציע פון די ארבײטער געגען דעם געזעץ עררײכט די העכסטע מדרגה. די ארבײטער האבען זיך ניט געװאלט פערלאזען אויף די בורזשואזיע און ארויסגעשטעלט אײגענע קאנדידאטען. אין די װאהל־קרײזען זענען ארויסגעשטעלט געװארען קאנדידאטען ארבײטער, און ס׳איז טאקי געלונגען צװײ פון זײ דורכצופיהרען אין פארלאמענט.

אויף אזא אופן האבען זיך אין יאהר 1875 דאס

**עֶרשטעֶ מאָל בּעֶוויִזעֶן אִין עֶנגלִישעֶן פּאַרלאַמעֶנט אַרבּיִיטעֶר** (מאַקדאָנאַלד און בּעֶרט). אִין דיִ וואַהלקרייזעֶן וואו עֶס אִיז נִיט געֶוועֶזעֶן קיין מעֶגלִיכקייט דורכצופִיהרעֶן אֵייגעֶנעֶ קאַנדִידאַטעֶן, האָבּעֶן דיִ אַרבּיִיטעֶר בּעֶשטִימט נִיט שטִיצעֶן דיִ לִיבּעֶראַלעֶן, וועֶלכעֶ פלעֶגעֶן שטעֶנדִיג צוזאָגעֶן גאַנצעֶ בּעֶרג און קיינמאָל ניט מקיים זיין. זיי האָבּעֶן דעֶם מאָל געֶשטִימט פאַר קאָנסעֶרוואַטאָרעֶן, נעֶמעֶנדִיג בּיי זיי דאָס וואָרט, אַז זיי וועֶלעֶן שטִיצעֶן דִי אַרבּיִיטעֶר־פּראָגראַם.

אַדאַנק דעֶם, האָט דִי לִיבּעֶראַלעֶ פּאַרטייִ געֶהאַט אַ גרויסעֶ נִידעֶרלאַגעֶ. די לִיבּעֶראַלעֶן, וועֶלכעֶ האָבּעֶן בִּיז אַהעֶר געֶהאַט אַ גרויסעֶ מעֶהרהייט אִין פּאַרלאַמעֶנט און וועֶלכעֶ זיינעֶן געֶוועֶזעֶן זִיכעֶר אִין זייעֶר נצחון, האָבּעֶן אִיצט פּלוצלונג בּעֶקומעֶן אַזאַ גרויסעֶ מפּלה: דִי קאָנסעֶרוואַטאָרעֶן האָבּעֶן בּעֶקומעֶן דִי מעֶהרהייט אִין פּאַרלאַמעֶנט.

אִין יאָהר 1874 האָט זִיך צום עֶרשטעֶן מאָל אַרויסגעֶוויזעֶן דִי **פּאָלִיטִישעֶ** בּעֶדייטונג פון דעֶם אַרבּייטעֶר־קלאַס. דִי בּורזשואַזִיעֶ האָט זִיך געֶמוזט אִיבּעֶרציִיגעֶן, אַז דעֶר אַרבּייטעֶר־קלאַס אִיז נִיט קיין „שפּיִעֶלצייג" נִיט קיין „שטִים־פִיה" — ווִי דִי פּרייסִישעֶ גוטס־בּעֶזִיטצעֶר רופעֶן אָן דִי פּויעֶרשעֶ וועֶהלעֶר — נאָר אַ בּעֶוואוסטזִינִיגעֶ פּאָלִיטִישעֶ קראַפט, וועֶלכעֶ קעֶן מִיט אִיהר שטִיצעֶ פעֶרזִיכעֶרעֶן דעֶם נצחון פון וועֶלכעֶר עֶס אִיז פּאַרטייִ. דִי לעֶקצִיעֶ, וועֶלכעֶ דִי אַרבּייטעֶר האָבּעֶן געֶגעֶבּעֶן דִי לִיבּעֶראַלעֶן אִיז נִיט פעֶרפאַלעֶן געֶגאַנגעֶן אױך פאַר דִי קאָנסעֶרוואַטאָרעֶן. שרעֶקעֶנדִיג זִיך פאַר דעֶם זעֶלבּעֶן גורל פון דִי לִיבּעֶראַלעֶן, האָבּעֶן דִי קאָנסעֶרוואַטאָרעֶן געֶמוזט נִיט נאָר **צוזאָגעֶן** צו שטיצעֶן דִי אַרבּייטעֶר, נאָר אויך **מקיים** זיין וואָס זיי האָבּעֶן צוגעֶזאָגט.

אִין 1875־טעֶן יאָהר האָבּעֶן דִי אַרבּייטעֶר **עֶררײכט אַלעֶ זײערעֶ פאָדעֶרונגעֶן.**

דאָס געֶזעֶץ וועֶגעֶן „בּעלי־בּתִים און משרתים" אִיז אִין גאַנצעֶן אָבּגעֶשאַפט געֶוואָרעֶן, און אויף זיין אָרט אִיז בּעֶשטעֶטִיגט געֶוואָרעֶן אַ געֶזעֶץ וועֶגעֶן „אונטעֶרנעֶהמעֶר און אַרבּייטעֶר". אויף אַזאַ אופן אִיז דאָס פעֶרהאַסטעֶ וואָרט „בּעל־הבּית" „העֶרר" „משרת" אִין גאַנצעֶן פעֶרשוואונדעֶן געֶוואָרעֶן פון דעֶר עֶנגלִישעֶר געֶזעֶצגעֶבּונג. עֶס אִיז אָבּגעֶשאַפט געֶוואָרעֶן דִי געֶפעֶנגנִיס־שטראָף פאַרן עובר זיין

דעם קאנטראקט. נעבען די פאבריקען, וואו מען שטרייקט, איז ערלויבט געווארען אנידערשטעלען א וואך. די אויסדריקען „צווינגען" און „בעלעסטיגען", וועלכע זיינען געוועזען דאס הויפט כלי־זין אין די הענד פון די ריכטער צו דריקען דעם ארבייטער־קלאסס, זענען אין גאנצען צרויסגעווארפען געווארען פון געזעץ. (פאר איינשרעקען, סטראשונקעס און נאך אנדערע „געוואלדטהאטען" האט מען בעשטראפט לויט די אלגעמיינע געזעצען.) עס איז ערקלעהרט געווארען, אז פון היינט אן הייסט ניט אונגעזעצליך איז קיין שום טהאט פון פעראיין אויב ער איז ניט אונגעזעצליך, ווען איהם בעגעהט א יחיד. איבערהויפט איז אנערקענט געווארען פאר געזעצליך יעדע קאלעקטיווע ארגאניזאציאנס־טהעטיגקייט פון די ארבייטער מיט אלע איהרע פאלגען. דאס איז געוועזען דער הערליכסטער נצחון פון דעם ענגלישען ארבייטער־קלאסס, אבער דיעזער נצחון איז, ווי מיר האבען שוין געזאגט, אנגעקומען ניט לייכט!

גאנצע צעהן יאהר האבען די ארבייטער פון די פעראיינען געמוזט פיהרען א בלוטיגען שטרייט אום צו ערקעמפפען זיך די יעצטיגע עהרען־לאגע אין דער מלוכה־ארדנונג פון ענגלאנד.

אין דער אייגענער צייט, ווען די לאנדאנער „פעראייניגטע געזעלשאפט" פון די מאשין־בוי־ארבייטער, מעכאניקער, טשעסליארעס און אנדערע האבען זיך געסטארעט אונטער דער אנפיהרונג פון דער „יונטא" אבצורייניגען דעם וועג פאר די פרייע ענטוויקלונג פון די ארבייטער־פעראיינען, האבען אין מיטעל און צפון ענגלאנד אויפגעהויבען דעם קאמפף די גרויסע ארגאניזאציעס פון די בערג־ארבייטער און בוימוואל שפינערייען. דיזע ארגאניזאציעס האבען געפאדערט פון דער מלוכה ניט נאר פאלע—פרייהייט, נאר אויך א דירעקטען שוץ פון די ארבייטער אינטערעסען. דער ערשטער פונקט אין זייער פראגראם איז ג. וועזען דער 9 שעהדיגער ארבייטס־טאג. דער פראיעקט, וועלכער איז אויסגעארבייט געווארען אין יאהר 1872 האט נאר געפאדערט א 9 שעהדיגען ארבייטס־טאג פאר פרויען און קינדער. נאך קוקענדיג אויף די רעזולטאטען, וועלכע האט געבראכט דאס געזעץ פון 10 שעהדיגען ארבייטס־טאג (1847), זענען די ארבייטער געוועזען זיכער, אז די פערקירצונג פון ארבייטס־טאג פאר פרויען און קינדער, וועט ארויסרופען די

פערקירצונג פון אַרבייטס-טאָג פאַר די דערוואַקסענע אַרבייטער אויך.

אין פּאַרלאַמענט האָט דער פּראָיעקט בעגעגענט אַ האַרטנעקיגען ווידערשטאַנד פון די פאַבריקאַנטען. די מעהרהייט פון דער פּאַלאַטע האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען יעדע פערקירצונג פון אַרבייטס-טאָג. דאָס מיניסטעריום האָט אָבגעזאָגט די אַרבייטער אין שטיצע. די אַרבייטער-אַגיטאַציע האָט פון דעסטוועגען ניט אויפגעהערט. אין יאָהר 1873 איז דער פּראָיעקט נאָך אַמאָל אַריינגעטראָגען געוואָרען, און די רעגירונג איז סוף כל סוף געצוואונגען געוועזען צו בעשטימען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויסצופאָרשען די פראַגע. נאָר פון אָנהויב אָן איז שוין קלאָר געוואָרען אַז די ווירקליכע אַבזיכטען פון דער קאָמיסיע איז ניט צו לעזען די פראַגע, נאָר אַוועקצולעגען זי אין טישקעסטעל. דערוויילע איז אָנגעקומען די צייט פון די אַלגעמיינע וואַהלען אין פּאַרלאַמענט. די אַרבייטער האָבען אָרגאַניזירט אַ ברייטע אַגיטאַציע, מען האָט צוגעזאָגט צו שטיצען יענע קאַנדידאַטען, וועלכע וועלען ערנסט פערטהיידיגען דעם געזעץ פון אַ 9 שעהריגען אַרבייטס-טאָג פאַר פרויען און קינדער. ביי אַזאַ צושטאַנד האָבען די פאַבריקאַנטען און די רעגירונג געמוזט געהן אויף הנחות. אמת טאַקע, אַז ס'איז ניט בעשטימט געוואָרען קיין געזעץ וועגען אַ 9 שעהדיגען אַרבייטס-טאָג פאַר אַלעמען, דערפאַר איז אָבער געלונגען דורכצופיהרען אַ געזעץ, וועלכער פערקירצט די פרויען-און קינדער-אַרבייט אויף $56^1/_2$ שעה אַ וואָך.

צוזאַמען מיט דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמפּף פאַר אַ 9 שעהדיגען אַרבייטס-טאָג, האָבען די ענגלישע אַרבייטער אויך געשטרעבט צו פערקירצען דעם אַרבייטס-טאָג דורך אַ דירעקטע ווירקונג אויף די פאַבריקאַנטען. עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ גרויסע אַרבייטער-געזעלשאַפט מיט דעם ספּעציעלען צוועק זיך דערשלאָגען דורך אַלע מיטלען אַ 9 שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג. דיזע געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך גערופען „די 9 שעה'דיגע ליגע" האָט אַרומגענומען ביי גרויסע ביי קליינע אַרבייטער-פעראיינען, ווי אויך אַ אונגעהויערע מאַססע אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער, וואָס האָבען מיטגעפיהלט די פאָדערונג פון אַ 9 שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג. אין יאָהר 1871 האָבען די מיטגלידער פון דער ליגע ערקלערט אַ שטרייק, וועלכער

האָט זיך געענדיגט מיט דעם פאָלקאָמען נצחון פאַר די אַרבייטער דער ערפאָלג איז נאָך וואונדערבארער, ווען מיר זאָלען נעמען אין אָנבעטראַכט, אַז אין דעם שטרייק האָבען זיך בעטייליגט ניט נאָר אַרבייטער פון די פעראייניגען, נאָר אויך אַ אונגעהויערער צאָהל אונאָר־גאַניזרטע אַרבייטער, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין שום געלד־פאָרראַט און זענען ניט געוואָהנט געוועזען צו קיין שום אָרגאַניזאַ־ציאָנס־דיסציפּלין. אמת טאַקע אַז דער שטרייק האָט אַרויסגערופען אַ הייסען מיטגעפיהל אין דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַסס פון ענג־לאַנד, און געלד האָט זיך אָהן אַ שיעור געשאָטען פון אַלע זייטען. די פאַבריקאַנטען האָבען אָבער אויך ניט געדרעמעלט, זיי האָבען געגרינדעט אַ פערבאַנד געגען די אַרבייטער, און מיט דעם ציעל האָבען אַלע מאַשין בוי־פאַבריקאַנטען איינגעפיהרט אַ ספּעציעלע אָבצאָהלונג צו שטיצען די פאַבריקאַנטען, ביי וועלכע עס האָט אויסגעבראָכען אַ שטרייק. פאָלקאָם מנצח זיין די פעראייניגטע מאַכט פון קאַפּיטאַל, דורכפיהרען דעם זיעג כמעט אָהן געלד־מיטלען האָט מען נאָר געקענט ביי אַ פאָלקאָמער סאָלידאַריטעט פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַסס און מיט דער הילף פון אַלע ענגלישע אַרבייטער. ווי די פאַקטען האָבען בעוויזען, האָבען די ענגלישע אַרבייטער שוין ערזייכט אַזאַ סאָלידאַריטעט, אַם וועניגס־טען אין אַזאַ וויכטיגען ענין, ווי דער קאַמפף פאַר אַ 9 שעה'דיגען אַרבייטס־טאָג: זיי זענען אַרויסגעטראָטען געגען אַלגעמיינעם שונא ווי איין מענש.

נאָך אַ 5 חדשים'דיגען שווערען קאַמפף, האָבען די פאַבריקאַנטען געמוזט מודה זיין, אַז זיי האָבען פערשפּיעלט און האָבען געמוזט מסכים זיין אויף אַלע פאָדערונגען, וואָס די אַרבייטער האָבען אַרויסגעשטעלט.

דער גלענצענדער פאַר'אַמענטאַרישער זיעג פון די „פעראייניג־טע געזעלשאַפטען" און „ראַטהען" אַזוי אויך דער בעריהמטער קאַמפף פאַר דעם 9 שעה'דיגען אַרבייטס־טאָג, האָבען אויפגעהויבען די ענגלישע אַרבייטער פעראיינען אויף אַזאַ הויכער מדרגה, וועגען וועלכער די אַרבייטער האָבען נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק גאָר ניט געהאַט די העזה צו טראַכטען. נאָך אין סוף 60-ער יאָהרען האָט מען יעדען אַרבייטער, וואָס האָט געהערט צו אַ פעראיין, געהאַלטען פאַר אַ פערדעכטיגען און געפעהרליכען מענשען; די

פּאָליציי און די פּריוועדענסריכטער פלעגען אויף איהם קוקען ווי אויף אַ מערדער אָדער אַ רעוואָלוציאָנער.

אין יאָהר 1875 זענען די מיטגליעדער פון די אַרבייטער-פערעאיינען אריין אין פּאַרלאַמענט, האָבען אַריינגעדרונגען אין שטאָדט-פערוואַלטונגען, אין די שוהל-ראַטהען, האָבען גענומען אַנ'אַקטיווען אַנטהייל אין די אַרבייט פון די פּאַרלאַמענט-קאָמיסיעס; מיט איין וואָרט די אַרבייטער-פערעאיינען האָבען זיך פערשאַפט אַ בכבוד'דיגען און איינפלוסרייכען אָרט אין פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון ענגלאַנד.

די נצחונות פון די אַרבייטער אין די 70-ער יאָהרען זענען געוועזען אַזוי גרויס, אַז די דערשראָקענע קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך פאָרגעשטעלט די אַרבייטער-אָרגאַניזאַציעס פאַר אַ מלוכה אין אַ מלוכה, פאַר אַנ'אַרבייטער-רעגירונג, וועלכע שטעהט גלייך מיט זייער בורזשואַזער רעגירונג און אפשר נאָך העכער.

דער מאַניפעסט פון אַ „פערעאיין אונטערנעהמער” אין יאָהר 1872 האָט ערקלעהרט, אַז ניט נאָר דער כח פון איינצעלנע פאַבריקאַנטען איז צו שוואַך געגען די אַרבייטער-פערעאיינען, נאָר אפילו דער אַלגעמיינער פערבאַנד פון אַלע קאַפּיטאַליסטען וואָלט אויך נישט געווען אים שטאַנד צו קעמפּפען מיט דער אונגעהויערער קראַפט פון דעם אָרגאַניזירטען פראָלעטאַריאַט.

דער מאַניפעסט זאָגט ווייטער: „וועניג האָבען אַ בעגריף וועגען דער שטרענגער דיסציפּלין, אונגעהויערע מיטלען און געוואַלדיגען איינפלוס פון די אַרבייטער פערעאיינען. זיי האָבען אַ גאַנצען שטאַאַט אָנפיהרער, וועלכע בעקומען זעהר אַ גוטען געהאַלט. אַ דאַנק די גרויסע מיטלען, דעם גרויסען אוטאָריטעט פון די פערעאיינען, און טייל-וויז זייערע הומאַניטאַרע שטרעבונגען האָבען זיי צוגעצויגען צו זיך אַ סך מענשען מיט אוניווערזיטעטס בילדונגס. זיי האָבען אַ גאַנצע אַרמעע ליטעראַרישע טאַלאַנטען, וועלכע דיענען די אַרבייטער מיט זייער פעדער אין דער צייט פון אַ שטרייק אָדער אַנדערע אויפרעגונגען. די אַרבייטער פערעאיינען האָבען בעשאַפען אַנ'איינענע ליטעראַטור. זייערע זשורנאַליסטען האָבען אַ פרייען צוטריט צו אַלע לאָנדאָנער צייטונגען. אויף די פּאַרלאַמענט קאַנדידאַטען האָבען זיי אַזאַ גרויסע ווירקונג, וועלכע איז נאָך גרעסער פאַר זייער אמת'ער קראַפט. דאָס מיניסטעריום פון אינערען אַליין

האָרכט זיך צו, וואָס זיי זאָגען אונד נעמט צו בכבוד גרול זייערע פאָדערונגען און מעלדונגען״ ...

דער רחמנות־טאָן פון דעם קאפּיטאַל, וועלכער פייערט שטענדיג זיינע נצחונות האָט אַ סך בעסער, איידער אַנ׳אַגיטאַציאָנער אויפרוף, אויפגעוועקט דעם בעוואוסטזיין אין די אַרבייטער וועגען די מאַכט, וואָס ליעגט אין פּראָלעטאַריאַט, ווען ער טרעט אַרויס ניט אַלס אַ צואַוואָרפענע מאַססע, נאָר אַלס אַ אָרגאַניזירטע און בעוואוסטזיניגע אַרמעע.

דעריבער איז ניט קיין וואונדער, אַז דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבייטער־קאָמיטעט האָט אויף זיינע אייגענע קאָסטען איבער־געדרוקט דעם מאַניפעסט פון דעם „קאַפּיטאַליסטען־פערבאַנד״ און איהם פערשפּרייט אין אַנ׳אונגעהויערער צאָהל עקזעמפּליאַרען צווישען דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט.

---

## VII.

## דער נייער און אַלטער יוניאָניזם.

ביז דעם יאָהר 1885 האָבען די ענגלישע אַרבייטער־פעראיינען געגלויבט אין די פּרינציפּען פון בורזשואַזען ליבעראַליזם. מיט צעהן יאָהר צוריק האָבען אַלע געלעהרטע איינשטימיג פערזיכערט, אַז די אַרבייטער־פעראיינען פון גרויס־בריטאַניען זענען דער שטאַרקסטער שוץ געגען סאָציאַליזמוס. איצט אָבער זעהען מיר אַז אַ גרויסע צאָהל פעראיינען איז דורכגעדרונגען מיט דעם סאָציאַליסטישען גייסט, און די קאָנסערוואַטיווע צייטונג „טיימס״ מוז מיט האַרצ־וועהטאָג מודה זיין, אַז אויף די היינטיגע אַרבייטער־קאָנגרעסען שפּיעלט די ערשטע ראָלע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער פּאַרטיי.

לאָמיר זעהען, ווי אַזוי איז פאָרגעקומען אַזאַ איבערקעהרעניש.

אין מיטען 70־ער יאָהרען האָט די אינדוסטריעלע מאַכט פון ענגלאַנד אויף דעם אַלוועלטליכען מאַרק אָנגעהויבען צו פאַלען. אַ סך מלוכות פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, אויף וועלכע ס׳איז ניט לאַנג פערזייהט געוואָרען די זאַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, האָבען שוין אין גאַנצען איבערגעאַרבייט זייער ווירטשאַפטליכע אָרדנונג און פון געהאָרכזאַמע אונטערטהאַנער זענען

זײַ פאַר דעם ענגלִישען קאַפּיטאַלִיזם געוואָרען געפעהרלִיכע קאָנקורענטען. נאָך אִין דִי 60-ער יאָהרען האָט דִי גרויס אִינדוסטרִיע אִין דײַטשלאַנד זִיךְ אָנגעהויבען זעהר גִיךְ ענטוויִקלען, נאָר נאָך דער דײַטש-פראַנצויזִישער מלחמה האָט זִי אָנגעהויבען וואַקסען מִיט אַ פִיבערהאַפטער גִיכקײַט. אִין יאָהר 1871 האָבען דִי דײַטשען פאָלקאָם מנצח געוועזען פראַנקרײַך, און פערשטעהט זִיךְ, אַז זײַ האָבען זִיךְ נִיט בענוגענט בלויז מִיט דעם כבוד. דִי פראַנצויזען האָבען געמוזט אָבצאָהלען דִי זִיעגער פִינף מִיליאַרד פראַנק (אַנ׳ערךְ פון צוויי מִיליאַרד רובל). דִי קאָלאָסאַלע סומע אִיז זעהר צונִיץ געקומען דִי דײַטשע קאַפּיטאַלִיסטען, וועלכע האָבען זִיךְ, טײַל ווײַז דִירעקט און טײַלווײַז אונדִירעקט, בענוצט מִיט דעם קאַפּיטאַל. הונדערטער מִיליאָנען זענען אויסגעלִיהען געוואָרען דִי אַקציאָנערע געזעלשאַפטען און אײנצעלנע קאַפּיטאַלִיסטען, כדי צו פערברײַטערען דִי פרִיהערדִיגע אונטערנעהמונגען אָדער אויסצובויען אײַזענבאַהנען; הונדערטער מִיליאָנען האָט דִי רעגִירונג אַלײן פערברויכט אויסצובויען אײגענע אײַזען-באַהן-לִינִיען א. ז. וו. דער רעזולטאַט פון דעם אִיז געוועזען, אַז דִי נאָכפראַגע אויף אײַזען און אַנדערע בוי-מאַטעריאַלען האָט זִיךְ שטאַרק פערגרעסערט. עס האָט זִיךְ אָנגעהויבען אַנ׳עפּאָכע פון דער אִינדוסטרִיעלער אויפבלִיהונג אִין דײַטשלאַנד: מִיט גִיכע טרִיט אִיז דײַטשלאַנד אִיבערגעגאַנגען פון דער האַנדווערקערײַ און לאַנדווירטשאַפט צו דער קאַפּיטאַלִיסטִישער אִינדוסטרִיע.

נאָך אַ טִיעפערע אִינדוסטרִיעלע אִיבערקעהרענִיש אִיז פאָרגעקומען אִין צפון-אַמערִיקאַ. דִי נעגרען-בעפרײַאונג (אִין יאָהר 1864) האָט בעזײַטִיגט דִי לעצטע מניעות, וועלכע זענען געלעגען דעם אַמערִיקאַנִישען קאַפּיטאַל אויף דעם וועג. עס אִיז פערשוואונדען געוואָרען דִי פּאַטרִיאַרכאַלע פִיגור פון דעם פלאַנטאַטאָר, שקלאַפען-אײגענטהִימער; זײַן אָרט האָט פערנומען דער דורכגערִיבענער באַנקִיר, פאַברִיקאַנט, אײַזענבאַהן-אונטערנעהמער. אִיבערהויפּט וועגען דער ענטוויִקלונג פון דעם אַמערִיקאַנִישען קאַפּיטאַלִיזם דאַרף מען פִיעל נִיט רעדען: זִי אִיז בעוואוסט יעדערן. שוין אִין דִי 70-ער יאָהרען אִיז אַמערִיקאַ געוואָרען אַ געפעהרלִיכער קאָנקורענט פאַר ענגלאַנד נִיט נאָר אִין יענע פּראָדוקטען, וואָס בעפרִיעדִיגען דִי נויטווענדִיגסטע בעדערפנִיס, נאָר זאָגאַר אִין אַזעלכע צווײַגען, וועלכע

קענען בליהען נאר אין אַלאַנד מיט זעהר אַנ'ענטוויקעלטער אינדוסטריע, למשל, מאשינען=בוי.

דער זיעגרייכער גאנג פון אוראפעאישען קאַפּיטאַליזם האט אין די זעכציגער יאהרען אַריינגעכאַפּט אונזער פאטער=לאַנד אויך. די פויערים=בעפרייאונג און איבערהויפּט די זאגענאַנטע „גרויסע רעפאָרמען" פון אַלעקסאַנדר דעם צווייטען ענטהאַלטען אין זיך אַ פאָלקאָמען איבערגאַנג פון פעאָדאַלער אָרדנונג צו אַ בורזשואַזער. אין דער צייט פון אַלעקסאַנדר דעם צווייטען און דריטען איז רוסלאַנד געוואָרען פון אַ אונקולטורעלעם לאַנד, וואו ס'האט געהערשט די נאַטורעלע ווירטשאַפט, אַ קולטורעלעס לאַנד, אַ קאַפּיטאַליסטיש=אינדוסטריעלע, אַ ערנסטער קאָנקורענט פאַר מעריב=אייראָפּאַ און אַמעריקאַ.

איך אַזאַ אופן האט די ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם בעשאַפען פאַר ענגלאַנד אַ סך נייע קאָנקורענטען פון די יונגע אינדוסט=ריעלע לענדער אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ. נאָר חאָטש די ענגלישע אינדוסטריעלע מאָנאָפּאָל איז בעגרענצט געוואָרען, האט די ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין אַנדערע לענדער געבראַכט דערצו, אַז יערעס לאַנד, וואָס הייבט נאָר אָן פלאַנצען ביי זיך די גרויס=אינדוסטריע, מוז אויף אַ געוויסער ענטוויקלונגס־מדרגה אַריבערגעהן פון דער פריי־האַנדעל־סיסטעם צו דער שוץ=סיסטעם, כדי דורך אונגעהויער גרויסע אָבצאָהלונגען פאַרטהיידיגען „די פאָטערלאַנדישע אינדוסטריע" געגען דער אויסלענדישער קאָנקורענץ.

אַזאַ ענדערונג אין דער טאַריף=פּאָליטיק איז אין די 80=ער יאָהרען פאָרגעקומען כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע מלוכות. אין יאָהר 1878 האט עסטרייך פערגרעסערט דעם טאַריף אויף די סחורות, וואָס ווערען אַריינגעפיהרט פון אויסלאַנד. אין דעם איינגענעם יאָהר האט דייטשלאַנד אויך אָנגענומען די סיסטעם פון הויכע שוץ=טאַריפען. זייער ביישפּיעל האָבען נאָכגעטהאָן איטאַ=ליען, פראַנקרייך און רוסלאַנד. מיט איין וואָרט, אין גאַנץ אייראָפּאַ האט אין סוף 70=ער יאָהרען און אין אָנהייב 80-ער געוועלטיגט דער פּראָטעקציאָניזם (די שוץ=סיסטעם דורך טאַריפען אויף די אויסלענדישע סחורות).

די ענטוויקלונג פון פּראָטעקציאָניזם האט טהיילוויז אין גאַנצען פערמאַכט דעם וועג פאַר ענגלאַנד, טהיילוויז געשטערט

זײַן צוטריט אַפּילו צו יענע מערק, אויף װעלכע ענגלאַנד װאָלט בײַ פרײַהער קאָנקורענץ נאָך געקענט בײַקומען די שװאַכע אָרטיגע אינדוסטריע.

אויף אַזאַ אופן האָט די ענטװיקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין אַלע קולטורעלע לענדער דורך פערשידענע װעגען געבראַכט פאַר ענגלאַנד טרויעריגע רעזולטאַטען. די גיכע ענטװיקלונג פון דער ענגלישער אינדוסטריע האָט זיך פערביטען אויף אַ פערגלײַכונגס־עפּאָכע אָדער װי די ענגלענדער זאָגען אַן'עפּאָכע פון אַ „געדריקטען אינדוסטריעלען צושטאַנד".

איצט װעלען מיר זעהען, װי אַזוי דיזע ענדערונגען האָבען געװירקט אויף דעם אַרבײַטער־קלאַס פון ענגלאַנד. פערשטעהט זיך, אַז אַפּילו אין די 50—70 יאָהרען איז דער װעג פון דעם אַרבײַטער־קלאַס ניט געװעזען אויסגעבעט בלויז מיט בלומען. װי גרויס די קראַפט פון דער אינדוסטריעלער אויפלעבונג זאָל ניט זײַן, װי גרויס ס'זאָלען ניט זײַן די מערק, װאָס עפענען זיך פאַר דעם קאַפּיטאַל, מוז דער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן גופא אונפערמײַדליך ברענגען דערצו, אַז פון צײַט צו צײַט איז דאָ מעהר סחורות, װי מען קען פערקויפען, און דאַמאָלס פאַלט דער פרײַז אויף די פּראָדוקטען זעהר גיך; די סחורות װערען פאַרלעגען אין די לאַגערן, די קאַפּיטאַליסטען באַנקראָטירען איינער נאָך דעם אַנדערן, דער פּראָלעטאַריאַט לײַדעט פון מאַסען־אַרבײַטס־לאָזיגקײַט.

אַזעלכע צײַטװײַליגע צורודערונגען אין דער אינדוסטריע אָדער „אינדוסטריעלע קריזיסען" זענען אויך פאָרגעקומען אין דער עפּאָכע פון 50—75 יאָהרען; דעמאָלסט זענען זײ אָבער געפאַלען מיט זײער גאַנצער משא נאָר אויף די אונאָרגאַניזירטע ניט געלעהרנטע אַרבײַטער. די אָרגאַניזירטע אַרבײַטער האָבען פערהעלטניסמעסיג װעניג געליטען פון די קריזיסען, װײַל די לאַנגדויערנדע אינדוסטריעלע בליהונגס־עפּאָכען האָבען געגעבען די מעגליכקײַט די אַרבײַטער־פערײנען אָנצוזאַמלען גרויסע סומען אויף צו שטיצען זײערע מיטגלידער אין דער צײַט פון קריזיסען. די קריזיסען אַלײן האָבען אויך ניט לאַנג געדויערט, אַ יאָהר אָדער צװײ, דערנאָך האָט זיך װײַטער אָנגעהויבען דער אינדוסטריעלער בליהונגס־פּעריאָד; די צאָהל פון די אַרבײַטסלאָזע איז געװאָרען גאָר

אונבעדייטענד, די קאסעס פון די פעראיינען האבען ווייטער רוהיג נעקסענט זאמלען נייע מיטלען.

פון דעם סוף 70-ער יאהרען אן האט זיך דאס בילד געענדערט. די גיכע פערברייטערונג פון די מערק ווערט אונמעגליך און דעריבער פערשווינדען אין גאנצען די פעריארען פון בעזאנ-דערס-שטארקער אינדוסטריעלער אויפבליהונג. די פראדוקציאן איז אריין אין א פערגלייוועדונגס-צושטאנד, און פון צייט צו צייט קומען אן פעריארען, ווען די אינדוסטריעלע טהעטיגקייט פאלט זעהר נידריג, — פעריאדען, וועלכע דערמאנען אן די שארפע קריזיסען פון די אלטע צייטען, מיט דעם אונטערשייד, וואס איצט קען די פראדוקציאן שוין אזוי גיך ניט קומען צו זיך פון דער אינדו-סטריעלער צורודערונג.

עס איז גאנץ לייכט צו פערשטעהען אין וואס פאר א געפאהר עס געפינט זיך די עקזיסטענץ פון די ארבייטער-פעראיינען אין דער עפאכע פון דעם שטענדיגען „געדריקטען אינדוסטריעלען צושטאנד". און באמת, דורכשניטליך צאהלען די ענגלישע ארבייטער אין זייערע פעראיינס-קאסעס אנ'ערך 25—50 קאפ. א וואך: ארבייטסלאזע בעקומען שטיצע פון 5—8 רובל א וואך. קומט אויס, אז אויב עס איז דא 5—7 ארבייטסלאזע אויף הונדערט געהט די גאנצע הכנסה פון פעראיין אוועק אויף צו שטיצען די מיטגליעדער, וועלכע האבען ניט קיין ארבייט. אין דער צייט פון דעם קריזיס פון 78—80 יאהרען האט די צאהל פון די ארבייטס-לאזע ערריכט ביז 10 אדער נאך מעהר פראצענט. כדי אויסצוהאלטען אזא קריזיס, מוז דער פעראיין האבען א גרויסען געלד-פארראט, וועלכען ער האט אנגעזאמעלט אין די פריהערדיגע יאהרען. אזא פארראט קען מען אבער נאר מאכען דאמאלסט, ווען די בליהונגס-פעריאדען ציהען זיך לאנג, און אויב אין א פער-גלייוועדונגס-עפאכע הויבט זיך נאך אן א קריזיס, ווי דאס איז טאקע דאמאלס געוועזען, ווערט די לאגע פון די ארבייטער-פער-איינען כמעט הילפסלאז. אלע געלד-מיטלען געהען אוועק פאר די ארבייטסלאזע, דער פעראיין געפינט זיך שטענדיג אונטער דער סכנה פון א פינאנץ-קריזיס. וועגען אנ'ענערגישער קאמפפס-פאליטיק דורך שטרייקען קען מען אפילו ניט טראכטען. ווייל דער ערפאלג

פון שטרייק הענגט קודם כל אָב פון די געלר=מיטלען, וואָס געפינען זיך אין דעם רשות פון די אַרבייטער.

איצט איז שוין קיין חידוש ניט, וואָס אַפילו די רייכסטע פעראיינען האָבען אין די 80=יאָהרען אויך ניט געקענט פערזיכערען זייערע מיטגליעדער פון אָרעמקייט; זאָגאַר די אַרבייטער, וועלכע האָבען אַלע מאָל זעהר גוט פערדינט, האָבען זיך אויך אַראָבגעלאָזען צו דער מדרגה פון פראָפעסיאָנעלע בעטלער, זענען אַריינגעפאַלען אין די רייהען פון די זאָגענאַנטע לומפען=פּראָלעטאַריער. אין די פערפעסטעטע לאָנדאָנער ווינקעלעך, די אַבשויליכע געסלעך, וועלכע האָבען פון אייביג אָן געדינט אַלס אַנ'עיר מקלט פאַר טויזענדער לומפען, האָט איצט געקענט אַריינפאַלען יעדער אַרבייטער. פערשטעהט זיך, אַז דאָס לעבען פון דיזע אונגליקליכע היימלאָזע לומפען, וועלכע די געזעלשאַפט האָט פון זיך אָבגעשטויסען, האָט ערוועקט צו זיך דעם אינטערעס אַפילו אין די פריווילעגירטעסטע שיכטען פון דער ענגלישער אַרבייטער=אַריסטאָקראַטיע. ווי א״ף להכעים האָבען אין די 80-ער יאָהרען ערשיינט אַ גאַנצע רייהע אויספאָרשונגען וועגען די לאָנדאָנער אביונים. די בראָשיורע „דער ביטערער יאָמער פון דעם פערשאָלטענעם לאָנדאָן" האָט פאַנאַנדערגעוויקעלט אַזאַ טרויעריגעס בילד פון אָרעמקייט, וועלכע האָט געהערשט אין די פערוואָרפענע קוואַרטאַלען פון דער הויפּטשטאָדט, אַז דער גרעסטער טהייל אַרבייטער איז ערשטוינט געוואָרען פון גרויל.

אין דער אייגענער צייט האָט טשאַרלז בוס בעוויזען אין זיין אויספיהרליכען ווערק, אַז אין לאָנדאָן אַליין זענען פאַראַנען מעהר ווי 200,000 מענשען, וועלכע געפינען זיך אין דעם טיעפסטען אָבגרונד פון אָרעמקייט.

דאָס אויפדעקען דעם לינקען זייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען „פאָלקס=רייכטום" האָט, פערשטעהט זיך, נאָך אונטערגעגאָסען אייל אויף דעם פייער פון דער מאַסען=אונצופרידענהייט. עס האָט זיך העל אַרויסגעוויזען די פאַלשקייט פון די בורזשואַזיע=ליבעראַלע אַנשויאונגען, וועלכע האָבען אין די 60—70-ער יאָהרען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די אַרבייטער=פעראיינען. ווען די אַלגעמיינע אַרבייטס=לאָזיגקייט איז געוואָרען אַ געוועהנליכע ערשיינונג, ווען טויזענדער אַרבייטער זענען געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען

זײַער הײַמאַט, כדי זיך אויסצוזוכען אַ שטיקעל ברויט, איז געוואָרען קלאָר פאַר אַלעמען אַז געגען אַזעלכע צרות איז מאַכטלאָז סײַ דאָס אַלגעמײַנע וואַהל־רעכט, סײַ די פרײַהײַט פון אָבמאַך און סײַ אַפילו די אַרבײַטער־פערעאיינען. ניטוויליענדיג קומען די אַרבײַטער צו דער איבערצײַגונג, אַז פרײַהײַט און גלייכהײַט אַלײַן איז נאָך ניט גענוג צו פערבעסערען אויף לאַנג די לאַגע פון פראָלעטאַריאַט. זײַ הויבען אָן צו פיהלען, אַז בײַ דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם מיט זײַן פראָדוקציאָנס־אַנאַרכיע, מיט זיינע אינדוסטריעלע קריזיסען און שטילשטאַנדען קען דער פראָלעטאַריאַט קײַנמאָל ניט זײַן זיכער, אַז ס׳וועלען זיך לאַנג האַלטען אַזוינע נצחונות, צו וועלכע ער האָט זיך דערשלאָגען דורך אַ לאַנגיאָהריגען שווערען קאַמפף. די סטיכינע קראַפט פון אַ פּלעצליכער אינדוסטריעלער קאַטאַסטראָפע, וועלכע מען קען ניט בעזײַטיגען, פערניכטעט אין איין יאָהר דאָס, וואָס מען האָט בעשאַפען דורך אָנגעשטרענגטע מיה אין אַ משך פון צעהנדליגער יאָהרען.

אַזאַ שטימונג האָט געדינט פאַר אַ פרוכטבאַרען באָדען דער סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדע. און באמת, נאָר די סאָציאַליסטען, וואָס בעגרינדען זיך אויף מאַרק׳ס טעאָריע, קענען ערקלערען די אַרבײַטער די אורזאַכען פון די שרעקליכע אינדוסטריעלע צורודע־רונגען, וועלכע וואַרפען פעריאָדיש אַרײַן דעם אַרבײַטער־קלאַס פון ענגלאַנד אין אַ גרויזאַמען נויט.

הײַדמאַן און נאָך אַנדערע ענגלישע מאַרקסיסטען האָבען ערקלערט די אַרבײַטער אין בראָשיורען, רעדען, וואָס זענען געווען ספּעציעל געווענדעט צו דעם אַרבײַטער־קלאַסס, אַז די איבער־פראָדוקציאָן און קריזיסען שטאַמען פון דעם עצם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פראָ־דוקציאָן, אַז כל זמן די פּראָדוקטען ווערען אויסגעאַרבײַט ניט לויט די געזעלשאַפטליכע בעדערפניסען, נאָר לויט די אויסזיכטען פון די קאַפּיטאַליסטען אויף פערזענליכען ריוח, מוז דער איבערפלוס אין די געבּרויכס־פראָדוקטען נויטווענדיג אַרויסרופען ניט פאָלקס־רײַכטהום, נאָר פאָלקס־אָרעמקײַט. פונקט ווי אַדאַם סמיט׳ס בוך איז אַמאָל געוועזען אַ קלאָרער פירוש אויף די קאַפּיטאַליסטישע געדאַנקען און געפיהלען, אַזוי איז די סאָציאַליסטישע טעאָריע פאַר די מעהר־בעוואוסטזיניגע ענגלישע אַרבײַטער פון די 80־ער יאָהרען אויך געוועזען ניט גלאַט אַנ׳אויסגעקלעהרטע טעאָריע פון

אַ פילאָזאָפישען מח, נאָר אַ וויסענשאַפטליך־בעגרינדעטע און דייטליכע ערקלערונג פון די געדאַנקען, וועלכע האָבען זיך אין אַ דונקעלע און אונקלאָהרע פאָרם אַריינגעגנב׳עט אין קאַמפף פון יעדען אַרבייטער.

און באמת, אַפילו אָהן שום אַריינמישונג פון די סאָציאַליסטען זענען די אַרבייטער פון דער גרויסער־אינדוסטריע שוין לאַנג געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז פאַר זיי איז אונמעגליך זיך צו דער־שלאָגען צו דער לאַגע פון אַ זעלבסטשטענדיגען אונטערנעהמער, אַז זייער ישועה ליעגט ניט אין אָנזאַמלען עטליכע גראָשען נאָר אין דעם אָרגאַניזירטען קאַמפף פאַר אַ בעסערע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג.

דאָס לעבען אַליין האָט אויך געגעבען גענוג קלאָרע ראיות, אַז אָט די אַנשויאונגען זענען ריכטיג. אין דעם שיף־בוי איז נאָך דעם שווערען 1879־טען יאָהר אָנגעקומען אַ גיכע אויפלעבונג און אין יאָהר 1883 האָט זיך די אַרבייט פערדאָפּעלט אין פערגלייך צום 1879־טען יאָהר. אין 1884־טען יאָהר האָט זיך די אויפ־לעבונג פלוצלונג אָבגעשטעלט; אַ סך ווערפען זענען פערמאַכט געוואָרען און די איינוואָהנער פון גאַנצע שטעדט אויף צפון־מזרח זייט פון ענגלאַנד, זענען געבליבען אָהן אַ שטיקעל ברויט, מעהר ווי העלפט פון די שיף־בוי־אַרבייטער זענען אַריינגעפאַלען אין די אַרבייטסלאָזע אַרמעע; צווישען זיי איז אויך געוועזען ט יזענדער פון די געלערנטע אַרבייטער, מיטגליעדער פון גוט־אָרגאַניזירטע פער־איינען. יענע האָבען גאַנץ גוט פערשטאַנען, דאָס זייער אָרעמקייט שטאַמט ניט דערפון, וואָס די געזעלשאַפט נויטהיגט זיך ניט אין זייער אַרבייט, נאָר דערפון, וואָס פאַר דעם קאַפּיטאַל איז נויטיג געוועזען אין יאָהר 1883 צו פערדאָפּלען דעם צאָהל אַרבייטער און אין יאָהר 1884 — אַרויסצוואַרפען העלפט פון זיי אויפ׳ן גאַס.

דער סאָציאַליזם האָט געמאַכט גרויסע פאָרשריט. אַזוי אין יאָהר 1886 האָט דער פאָרשטעהער פון דעם בוימוואָל־שפּינער־פערבאַנד, שילדערענדיג אין זיין צייטונג די אַלע צרות, וואָס די אינדוסטריעלע פערגליוועראונג ברענגט מיט זיך, געשריבען: „ביי אַזאַ פערשפּרייטער מאַסען אַרבייטס־לאָזיגקייט, וואַקסט נאַטירליך אויס די פראַגע, צי איז נאָך פאַראַן עפּעס אַ האָפנונג אויפצוהויבען די לאַגע פון דעם אַרבייטער קלאַס. מיר דאַכט זיך, אַז כל זמן

עֶס עֶקזִיסטִירט דִי הַיינטִיגֶע גֶעזֶעלשַׁאפטלִיכֶע אָרדנוּנג, קֶען נִיט זַיין קַיין שׁוּם הָאפנוּנג אוֹיף אַ לַאנג־דוֹיעֶרֶענדֶע פֶערבֶּעסֶערוּנג. לַיידֶער בִּין אִיךְ צוּ ווֶענִיג בֶּעקַאנט מִיט דִי סָאצִיאַלִיסטִישֶׁע טהֶעאָרִיעֶן; אִיךְ הָאבּ זֵיי נִיט עֶרלֶערֶענט, ווִי גֶעהֶערִיג אִיז. אִיבֶּערהוֹיפּט זֶענֶען אִין דֶעם הִינזִיכט דִי עֶנגלִישֶׁע אַרבַּייטֶער אָבּגֶעשׁטַאנֶען פוּן דִי קָאנטִינֶענטַאלֶע (דִי אַרבַּייטֶער פוּן דֶעם אוֹירָאפַּייאִישֶׁען טַייל ווֶעלט), נָאר ס'אִיז גָאר קַיין ספק נִיט, אַז דִי עֶנגלִישֶׁע אַרבַּייטֶער פֶערשׁטֶעהֶען גַאנץ קלָאר, דָאס בַּיי יֶעצטִיגֶער גֶעזֶעלשַׁאפטלִיכֶער אָרדנוּנג בֶּעקוּמֶען זֵיי נִיט דֶעם טַייל פָאלקס־רַייכטוּם, ווֶעלכֶען זֵיי שַׁאפֶען דוּרךְ זַייעֶר אַרבַּייט".

אַפִילוּ דִי מֶעהר קָאנסֶערוואַטִיווֶע ווֶערֶען אוֹיךְ דוּרכגֶעדרוּנגֶען מִיט דֶעם נַייעֶם גַייסט. „מִיר רֶעכֶענֶען—שׁרַייבּט דֶער סֶעקרֶעטַאר פוּן דֶעם „קרִיסטָאל־אַרבַּייטֶער־פֶערבַּאנד" — „אַז דִי אוּנטֶערנֶעהמֶער בֶּעגֶעהֶן דֶעם גרֶעסטֶען גֶעוואַלד־טהַאט דֶערמִיט, ווָאס זֵיי צווִינגֶען דִי אַרבַּייטֶער צוּ אַזאַ אַרבַּייטס־לוֹין, פוּן ווֶעלכֶען דִי אַרבַּייטֶער קֶענֶען זִיךְ נִיט עֶרנֶעהרֶען. מִיר ווִילֶען שׁוֹין מֶעהר נִיט דֶערלָאזֶען מֶען זָאל טרֶעטֶען מִיט דִי פִיס אוּנזֶערֶע רֶעכטֶען". „בִּיסלֶעכווַייז הֵייבּט אוֹיף דֶעם קָאפּ דִי רֶעווָאלוּצִיאָנֶערֶע בֶּעווֶעגוּנג, אוּן אִין גִיכֶען ווֶעלֶען אוֹיף דֶער סצֶענֶע אַרוֹיסטרֶעטֶען דִי גרֶעסטֶע פרַאגֶען, ווֶעלכֶע זֶענֶען נוֹגע דִי פּרָאדוּצִירֶענדֶע קלַאסֶען. צוּם בַּיישׁפִּיעל, פַאר ווָאס נוּצט זִיךְ לָארד דוּדלֶער, גָאר נִיט אַרבַּייטֶענדִיג, מִיט דִי גרוּבֶּען אוּן פֶעלדֶער, ווֶעלכֶע גִיבֶּען אִיהם 1000 רוּבּל הכנסה אִין טָאג, אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט, ווֶען זַיינֶע אַרבַּייטֶער, דַארפֶען אַ גַאנצֶע ווָאךְ זִיךְ פַּאטשׁקֶען אִין שׁמוּץ אוּן זִיךְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט אַ בֶּעטלֶערשֶׁען לֶעבֶּען".

ווָאס מֶעהר דִי רֶעווָאלוּצִיאָנֶערֶע שׁטִימוּנג הָאט אַרוּמגֶעכַאפּט דִי גרוֹיסֶע פּרָאלֶעטַארִישֶׁע מַאסֶען, אַלץ מֶעהר אִיז גֶעוואַקסֶען דִי אוּנצוּפרִידֶענהַייט מִיט דֶער מֶעסִיגֶער, בֶּעגרֶענצטֶער פּרָאגרַאם, ווֶעלכֶע אֵיינִיגֶע אַרבַּייטֶער־פֶעראֵיינֶען הָאבֶּען נָאךְ אַלץ גֶעפּרֶעדִיגט". „ווִי לַאנג נָאךְ", — שׁרַייבּט אוֹיס אִין יָאהר 1886 טָאם מֶען — „ווֶעט אִיהר אוֹיךְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט דֶער קלַיינמוּטהִיגֶער פָּאלִיטִיק פוּן אַייעֶרֶע פּרָאפֶעסִיאָנֶעלֶע אָרגַאנִיזַאצִיעֶס? אִיךְ גִיבּ אַייךְ גֶערֶען צוּ, אַז פרִיהֶער הָאבֶּען דִי פֶערֵאיינֶען גֶעבּרַאכט גרוֹיסֶע נוּצֶען דֶעם אַרבַּייטֶער קלַאס, נָאר אוּם גָאטֶעס ווִילֶען, ווָאס פַאר אַ זִין הָאבֶּען

זיי איצט ?... די אמתע פּאָליטיק, די פּאָליטיק פון קאַמפּף און נצחונות, האָט איהר אַ פּנים אין גאַנצען פערגעסען! די היינטיגע פאָרשטעהער פון די אַרבּייטער־פעראיינען זענען מענשען מיט הילצערנע מוחות: אָדער זיי קוקען אויף אַלץ מיט אַ האָפנונגס־לאָזע אַפּאַטיע, אָדער זיי פיהרען אַזאַ טהעטיגקייט, וואָס איז נוצליך נאָר פאַר די בורזשואַזיע!...

„די אַרבּייטער־פעראיינען אין זייער היינטיגער פאָרם"–שרייבּט אַנ'אַנדער פאָרשטעהער פון דער נייער ריכטונג, דזשאָן–בּערנס— „ענטהאַלטען אין זיך אַליין די אורזאַכען פון זייער צערפאַלונגס־פּראָצעס. לטובת דער בורזשואַזיע נעמען זיי אויף זיך די אויפגאַ־בּען צו פערזיכערען די אַרבּייטער אין פאַל פון קראַנקהייט און אַלט־קייט, — אויפגאַבּען, וועלכע נאָר די מלוכה אָדער די גאַנצע גע־זעלשאַפט זענען בכח דורכצופיהרען: צוליעב דעם זענען די מיט־גליעדער פון די פעראיינען בּעלאַסטעט מיט צו גרויסע צאָהלונגען, און די פעראיינען אַליין פיהרען אַ טרויריגע עקזיסטענץ. אַזאַ וואָהלטהעטיגקייט שוואַכט אויף אזוי פיעל אָבּ די קראַפט פון די פעראיינען, אַז זיי טראָגען אָפט אַריבּער אָהן ווידערשטאַנד די גע־וואַלדטהאַטען פון די קאַפּיטאַליסטען אויס מורא, אַז דער צוזאַמענ־שטויס מיט די אונטערנעהמער וועט פון זיי אָבּנעהמען די מעגליכ־קייט צו ערפיהלען די אויפגאַבּע פון קאַסעס פיר געגענזייטיגע הילף. די אַרבּייטער־אָרגאַניזאַציעס האָבּען סוף כל סוף פערלאָרען זייער כאַראַקטער אלס קאַמפּפס־פעראיינען און האָבּען זיי פערוואַנדעלט אין אַזעלכע איינריכטונגען, וועלכע שטעלען זיך די איינציגע אויפ־גאַבּע אַרויפצושלעפּען אויף זיך יענע אָבּצאָהלונגען, וואָס דאַרפען ליעגען אויסנאַהמליך אויף די הויכע און מיטעלע קלאַססען".

ווי מיר זעהען האָט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אַריינ־געדרונגען אין מיטען 80-טער יאָהרען אין אַסך פעראיינען פון די געלערנטע אַרבּייטער, וועלכע האָבּען אַ לאַנגע צייט געדינט אַלס אַ שטאַרקע פעסטונג פאַר די מעסיגע פּאָליטיק פון די אַלטע צייטען. נאָר פון דעסט וועגען זענען די אמתע אָנפיהרער, די הויפּט קעמפּ־פער פאַר די נייע ריכטונג געוועזען די נידעריגע שיכטען פון ענג־לישען פּראָלעטאַריאַט, די שיכטען פון די גאַרניט געלערנטע אַרבּייטער, וועלכע זענען צום ערשטען מאָל אַרויסגעטראָטען אין

אַנ'אָרגאַניזירטין קאַמפּף מיט דעם קאַפּיטאַליזם אין סוף 80-טער יאָהרען.

קודם כל דאַרפען מיר דאָ דערמאָנען וועגען די פאַבריק-אַרבייטערינען. ביז די 80-ער יאָהרען בעגעגענען מיר אין גאַנצען נישט קיין פרויען-פעראיינען. אויב אַזעלכע פעראיינען האָבען יע עקזיסטירט, איז זייער ווירקונג געוועזען אַזוי אונבעדייטענד, אַז וועגען זיי לוינט אפילו ניט צו רעדען. אין די 80-טער יאָהרען האָט די פרויען-אַרבייטער-בעוועגונג דאָס ערסטע מאָל צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט. די אַרבייטערינען פון די לאָנדאָנער שוועבעל-פאַבריקען האָבען זיך שוין לאַנג געפונען אין אַ טרויעריגער לאַגע, נאָר זיי האָבען אַ לאַנגע צייט גאָר ניט געפּרובט זיך אָרגאַניזירען צום קאַמפּף. נאָר אין די 80-ער יאָהרען איז דער טאַלאַנטפאָלער סאָציאַליסטקע בעזאַנט געלונגען זיי אויפצואוועקען צו אַ בעוואוסטזיניגען לעבען; די שוועבעל-אַרבייטערינען האָבען געבילדעט אַ פעראיין, וועלכער האָט אין יאָהר 1888 ערקלערט אַ שטרייק. קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז אַזאַ שוואַכער און איבערהויפּט אַ פרויען-פעראיין זאָל קענען אַרויסווייזען אַזוי פיעל פעסטקייט אין קאַמפּף. די פאַקטען אָבער האָבען בעוויזען, אַז ביי סאָלידאַריטעט און ביי אַ קלאָרען אינטערעסען-בעוואוסטזיין, קעמפּפען די פרויען ניט ערגער פון מאַנסלייט.

דעם פעראיין איז געלונגען אויפצואוועקען דעם אַלגעמיינעם מיטגעפיהל פון גאַנצען ענגלישען פּראָלעטאַריאַט. די נייטיגע גדבות האָבען אויסגעהאָלפען זייער קאַססע, און סוף כל סוף זענען די אונטערנעהמער געצוואונגען געוועזען זיך אונטערצוגעבען און אַנצוערקענען דעם פאָלקאָמען נצחון פון זייערע אַרבייטערינען.

פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, צווישען די ניט געלערנטע אַרבייטער, וועלען מיר נאָר דערמאָנען די אַרבייטער פון די גאַז-פאַבריקען און דערנאָך וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויף די בעוואוסטע „דאָקער'ן".

אין מיטען די 80-ער יאָהרען, אַדאַנק דער אַגיטאַציע פון בערנס, מען, טיללעט און אַנדערע האָט זיך צווישען די ניט געלערנטע אַרבייטער פון די לאָנדאָנער גאַז-פאַבריקען אָנגע-

הויבען אַ בעדייטענדע סאָציאַליסטישע בעוועגונג. עס האָט זיך גע־בילדעט אַ פערבאַנד פון די גאַז־אַרבייטער, וועלכער איז אין אַ משך פון איינינע חדשים צייט שוין בעשטאַנען פון גאַנצע טויזענדער מיטגליעדער. אין מאי 1889־טען יאָהר האָבען די גאַז־אַרבייטער אָנגעהויבען קעמפפען מיט די אונטערנעהמער פאַר אַ קלענערען אַרבייטס־טאָג. פערלאָזענדיג די פאָרזיכטיגע און די שריטוויזע פּאָליטיק פון די אַלטע פעראיינען, האָבען זיי בעשלאָסען אויף אַ מאָל צו פערקלענערען זייער אַרבייטס־טאָג פון 12 אויף 8 שעה. צו דער אַלגעמיינער בעוואונדערונג האָבען די אונטערנעהמער זיך אונטערגעגעבען כמעט אָהן קאַמפף און אויף אַלע לאָנדאָנער גאַז־פאַבריקען איז איינגעפיהרט געוואָרען אַנ׳ 8־שעה׳דיגער אַרבייטס־טאָג.

יעצט וועלען מיר איבערגעהן צו דער בעוועגונג פון די „דאָ־קער׳ן", וועלכע האָבען געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער ענט־וויקלונג פון דעם ענגלישען סאָציאַליזם.

וואָס איז דאָס אַזעלכעס אַ דאָקער? יעדען טאָג גאַנץ פריה, קען מען זעהען ביי די לאָנדאָנער דאָקען*) אַ גאַנצע מחנה האַלב־נאַקעטע און הונגעריגע מענשען. אָט די מענשען, וועלכע וואַרטען מיט הכנעה אויף דעם מאָמענט, ווען דעם אונטערנעהמער וועט זיך פערגעלוסטען אויפשטעהן פון שלאָף און קויפען אַרבייטס־הענד, אָט דאָס זענען די דאָקער׳ן. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז די דאָקערען זענען טאָג־אַרבייטער, וועלכע אַרבייטען איין טאָג אויף איין האַפען, מאָרגען געהען זיי איבער אויף אַנ׳אַנדערען, איבערמאָרגען קען זיין, אַז זיי בעקומען אין גאַנצען ניט קיין אַר־בייט און זענען געצוואונגען, ווי מען זאָגט: „לייגען די צעהנער אויף דער פּאָליצע". דאָס אַליין וואָס די אַרבייט פון דעם דאָקער איז ניט קיין שטענדיגע, מאַכט שוין זיין לאַגע גענוג טרויעריג. ער קען קיינמאָל ניט זיין זיכער, אַז ער וועט מאָרגען האָבען וואָס צו עסען, און פאַר איהם טאַקע וויקעלט זיך פאַנאַנדער דער גאַנצער אָב־גרונד פון דעם האָפנונגס־לאָזען עלענד. אַ חוץ דעם ליידעט כמעט

*) „דאקען" הייסען די האפענס, וואו ס׳געפינען זיך פערשיעדענע איינריכ־טונגען צום אנלאדען, אויסלאדען און צו פערריכטען די שיפען. „דאקערס" — דאס זיינען טרעגער ביי די האפענס אנלאדער.

קײן שום אַרבײטער ניט אַזױ פּיעל פון דער קאָנקורענץ, װי דער דאָקער. פון עטליכע הונדערט מאַן, װעלכע דרעהען זיך אַרום בײַ דעם דאָק, בעקומען אַרבײט נאָר עטליכע צעהנדליג און פערשטעהט זיך, אַז די גליקליכע נעהמען מיט שמחה אָן אַלע בעדינגונגען פון דעם אַרבײטס-געבער, װי שװער זײ זאָלען ניט זײן.

נאָר די ערגסטע צרה אין דער אַרבײט בײַ די דאָקען איז אין די 80-ער יאָהרען געװעזען די זאָגענאַנטע „פערמיטלער-סיסטעם". די בעלי-בתים פון די דאָקען, האָבען געװעהנליך ניט געװאָלט שליסען דעם אָבמאַך דירעקט מיט דער אונדיסציפּלינירטער אונאָרגאַניזירטער מאַסע; זײ האָבען בעסער געװאָלט האָבען עסק נאָר מיט עטליכע בעקאַנטע פּאָדריאַטשיקעס, אָדער װי מען רופט זײ אין לאָנדאָן „קאָנטראַקטאָרען", װעלכע זענען געװעזען פעראַנטװאָרטליך מען זאָל ערפיעלען די אַרבײט. איף אַזאַ אופן האָט זיך אַרײנגעריסען צװישען דעם אונטערנעהמער און דאָקער, דער קאָנטראַקטאָר. דער קאָנטראַקטאָר האָט געקױפט גאַנצע מאַסען אַרבײטס-קראַפט פון די דאָקערען און דערנאָך האָט ער זײ פון זיך אויף זײן פעראַנטװאָרטליכקײט אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם קאַפּיטאַליסט צום אויסנוצען. אַזױ װי בײַ דיעזער סיסטעם פלעגען די דאָקערן עקספּלואַטירט װערען דאָפּעלט, איז זײער לױן פערשטעהט זיך, געװען זעהר אַ נידעריגער. אַ חוץ דעם איז איבער די קאָנטראַקטאָרען קײן קאָנטראָל ניט געװעזען און יענע האָבען געקענט אונבעשטראָפט בענוצען זיך מיט די פרעכסטע שװינדלען אין זײערע אָבמאַכען מיט די אַרבײטער.

„די פערמיטלער-סיסטעם" האָט שטאַרק אויפגעװעקט דעם כעס פון די אַרבײטער, זײ האָבען איהר געגעבען זעהר אַ כאַראַקטעריסטישען נאָמען: „נעגער-האַנדעל".

אַזאַ טרױעריג לעבען פיהרט אין לאָנדאָן אַ אונגעהױערע גרױסע מאַסע טאָג-אַרבײטער. אַ לאַנגע צײט האָט מען ניט געגלױבט, אַז אָט די לומפּען, װעלכע האָבען ניט קײן בעשטימטען װאָהנונגס-אָרט, ניט קײן בעשטימטען פערדינסט, זאָלען קענען נעהמען אַנ'אַנטהײל אין אָרגאַניזירטען קאַמפּף.

נאָר ניט אזױ האָבען געקוקט אויף די זאַך די ענגלישע סאָציאַליסטען. אין סוף 80-ער יאָהרען האָבען בערנס, מען און נאָך אַנדערע אָנפיהרער פון ענגלישען סאָציאַליזם געװענדעט

זייער ערנסטע אויפמערקזאמקייט אויף די דאקער׳ן. יערען טאג פלעגען זיי זיך בעווייזען צווישען די מאסען, וועלכע פלעגען קומען זיך פערדינגען אויף די דאקען, און פלעגען דארטען האלטען רעדען וועגען די אידעען פון דער נייער וועלט. און אין גיכען האבען די פערזאמלונגען פון די מרה שחורה׳דיגע ארבייטער־מאסען, וועלכע פלעגען פערצווייפעלט ווארטען פון וואנען די גאולה וועט קומען, זיך פערוואנדעלט אין פלאמענדע רעוואלוציאנערע מיטינגען. די קערנדלעך פון דער סאציאליסטישער פראפאגאנדע זענען געפאלען אויף א גוטען בארען.

שוין אין יאהר 1889 האבען די אבגעריסענע דאקער׳ן, צו דער גרויסער בעוואונדערונג און פרייד פון לאנדאנער פראלעטאריאט און צום גרעסטען שמערץ פון די קאפיטאליסטען, זיך פעראייניגט אין א שטארקען און גוט־ארגאניזירטען פערבאנד. אין דעם אייגענעם יאהר האט דער פערבאנד געפאדערט פון די אונטערנעהמער זיי זאלען העכערען דעם ארבייטס־לוין און ארויסיאגען פון די דאקען די „קאנטראקטארען". פערשטעהט זיך, אז די קאפיטאליסטען האבען ענטזאגט. — ס׳האט זיך אנגעהויבען א שטרייק... דער שטרייק פון די דאקערען האט צוגעציינגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. אנ׳אלגעמיינע בעוואונדערונג האט ארויסגערופען סיי דאס אויפלעבען פון דיעזען דערשלאגענעם ארבייטער־שיכט, סיי די אונגעהויערע צאהל שטרייקער, וועלכע האט ערררייכט ביז 180 טויזענד מאן.

די דאקערען האבען בעקומען א ענערגישע שטיצע און הילף פון די חברים־פראלעטאריער. די לאנדאנער ארבייטער אליין איז געלונגען צוזאמענצוקלייבען פאר די שטרייקער 450,000 רובל.

נאר די דאקער׳ן האבען אויך בעקומען שטיצע פון דייטש־לאנד, פראנקרייך און אמעריקא. גלייך ווי די ידיעה וועגען שטרייק האט ערררייכט אויסטראליען, האבען די דארטיגע ארבייטער ארויסגעלאזען א זאמעל־ליסט פאר די שטרייקער, וועלכע האט אין עטליכע טעג געגעבען 300,000 רובל; דאס געלד איז אבגעשיקט געווארען טעלעגראפיש אין דער קאססע פון לאנ־דאנער פעראיין.

די אייגענטהימער פון די לאנדאנער דאקען האבען אונטער־

וואַרטעט זיך בעגעגענט פּנים אל פּנים ניט מיט אַ צערשפּליטערטער מאַסע פון אונגליקליכע טאָג־אַרבייטער, נאָר מיט דעם פערייניגטען פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט. אַזאַ קאַמפּף איז געוועזען איבער זייערע קרעפטען. זיי האָבען געמוזט אַנערקענען זייער ניעדערלאַגע: די אַרבייטער האָבען בעקומען אַ הוספה צו דער שכירות און דער „נעגער־האַנדעל" איז אָבגעשאַפט געוואָרען אויף אייביג.

דער ערפאָלג פון דעם שטרייק (1889) האָט געמאַכט דעם „דאָקער פעראיין" זעהר פּאָפּולער צווישען אַלע ענגלישע טאָג־אַרבייטער, וועלכע האָבען געאַרבייט אויף די דאָקען. דער פערבאַנד איז געוואַקסען ניט פון טאָג, נאָר פון שעה, כמעט אין אַלע האַפען אין לאַנד האָבען זיך געעפענט אָבטהיילונגען. די צאָהל פון די מיטגלידער האָט אין איין יאָהר ערריכט ביז 60.000 מאַן און פון דעם קליינעם פערבאַנד לאָנדאָנער דאָקער איז גיך אויסגעוואַקסען אַ גרויסער „פערבאַנד פון די אַרבייטער אויף די דאָקען, ווערפען, האַפען פון גאַנץ ענגלאַנד און אירלאַנד".

אין די 90־ער־יאָהרען האָט דער פעראיין פון די דאָקער'ן געשפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון ענגלישען סאָציאַליזם. נאָך דעם זיעג איבער די אונטערנעהמער, האָט ער ערקלערט אַ אונאויפהערענדען קאַמפּף געגען דער מעסיגער ליבעראַלער ריכטונג, ביי וועלכער עס האָבען זיך נאָך אַלץ געהאַלטען אַ סך פון די אַלטע אַרבייטער פעראיינען.

מיר האָבען שוין געזעהען, אַז נאָך אין מיטען די 80־ער יאָהרען האָט שוין דער סאָציאַליזם געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג צווישען פערשיעדענע אַרבייטער־פעראיינען פון ענגלאַנד. פון דעסטוועגען, זענען די סאָציאַליסטען ביז 1899־טען יאָהר געוועזען אַ קליינע מינדערהייט.

נאָך אין סוף 80־ער יאָהרען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער ענגלישער אַרבייטער־קלאַסס האָט זיך צוטהיילט אויף צוויי בעגעגענזעצליכע לאַגערן. אויף איין זייט זענען געשטאַנען די זאָגענאַנטע „אַלטע יוניסטען".

זיי האָבען געהאַלטען, אַז די הויפּט־אויפגאַבע פון די אַרבייטער־פערבאַנדען איז צו אָרגאַניזירען געגענזייטיגע הילף, פּענסיאָנער־קאַססען א. ז. וו. די קאַמפּפ'ס ציעלען זענען געשטאַנען

אויף דעם צווייטען פלאץ. לויט זייער מיינונג דארפען די ארבייטער זיך נישט צופיעל פארנעמען מיט פאליטיק. די שטרעבונג איבערצוגעבען אלע ווערקצייג און פראדוקציאנס־מיטלען דער געזעלשאפט, האט זיך זיי פארגעשטעלט פאר א געפעהרליכע פאנטאזיע; זאגאר די פאדערונג פון פארלאמענט אן 8 שעה'דיגען ארבייטס־טאג האט ביי זיי ארויסגערופען א שארפע אפאזיציע.

מיט גאר אן'אנדערער, א נעגענזעצליכער פראגראם זענען ארויסגעטראטען די אנפיהרער פון „נייעם יוניאניזם" — די סאציאליסטען; זייערע פעראיינען האבען זיך געשטעלט נאר קאמפפס־אויפגאבען, זייערע קאססעס זענען געוועזען ספעציעל שטרייק־קאססעס. די סאציאליסטען האבען געפרעדיגט, אז דער גאנצער ענגלישער ארבייטער־קלאסס דארף זיך פעראייניגען אין איין מעכטיגע פאליטישע פארטיי און די ערשטע אויפגאבע פון זייער פראקטישער פאליטיק דארף זיין די פאדערונג פון א געזעצליך בעשטימטען 8 שעה'דיגע ארבייטס־טאג.

ניט קוקענדיג דערויף, וואס צו דער שטים פון די סאציאליסטען האבען זיך אנגעהויבען צוצוהערען אלץ מעהרער ארבייטער, איז אין די 90־ער יאהרען באמת ניט געוועזען קיין איינפלוסרייכער פעראיין, וועלכער זאל אין גאנצען אננעהמען די סאציאליסטישע פראגראם. דיזער אומשטאנד האט געגעבען די אנפיהרער פון דעם אלטען יוניאניזם די מעגליכקייט ארויסצושטעלען די סאציאליסטען אלס א קליין הייפעלע בונטאוושטשיקעס, וועלכע האבען קיין שום פאקטישע קראפט.

דער פעראיין פון די דאקער'ן האט אין גאנצען אומגעביטען די פאקטישע לאגע. ער האט גלייך פערנומען אן'אנשטענדיגען ארט צווישען די ארבייטער־ארגאניזאציעס. און צוזאמען מיט איהם האבען זיך אנגעהויבען ברייטער צו פערשפרייטען די פרינציפען פון „נייעם יוניאניזם".

דעם גרעסטען איינפלוס האט דער דאקער פערבאנד געהאט, קודם כל, אויף די אונגעלערנטע ארבייטער. אין יאהר 1889 האבען די טאג־ארבייטער פון ניו־קעסטעל געגרינדעט א פערבאנד וועלכער האט אויסגעבאפט אלע ארומיגע שטעדט. דער לאנדאנער פערבאנד פון גאז־ארבייטער האט בעקומען גאנצע צעהנדליגע טויזענדער נייע מיטגליעדער אין דער פראווינץ. עס האט ווידער אויפגעלעבט דער „אלגעמיינער פערבאנד פון אייזענבאהן־ארבייטער".

אַ דאַנק די דאָקער'ז, איז אין משך פון דעם איין 1889-טען יאָהר פערגרעסערט געוואָרען די צאָהל פון די אָנטהײלנעהמער אין די אַרבײטער-פעראײנען, אויף גאַנצע 200,000 מאַן. די אַלע נײַע עלעמענטען זענען געוועזען פײַערדיגע אַנהענגער פון די סאָציאַ-ליסטישע פּרינציפּען פון „נײַעם יוניאָניזם". דער קאָנגרעס פון „אַלגעמײנעם פערבאַנד פון אײזענבאַהן-אַרבײטער" האָט דעם 19-טען נאָוועמבער 1890 בעשלאָסען: „דער פעראײן דאַרף זיך האַלטען אויף זײַן קאַמפּפס-פּאָזיציע, און זיך ניט פערנעהמען מיט דער אײנריכטונג פון קראַנקען-קאַסען און אונגליקספאַל-קאַסען"...

„מיר" — שרײַבט דער גענעראַל-סעקרעטאַר פון נאַציאָנאַל-פערבאַנד פון די גאַז אַרבײטער און טאָג אַרבײטער — „שטעלען יעצט פאָר אײנע פון די מעכטיגסטע אָרגאַניזאַציעס אין ענגלאַנד. מיר אַנערקענען נאָר אין הילפס-פאָרם — העלפען אין אַ צײַט פון שטרײַק. פאַר מיר האָבען קײן ווערדע ניט די קאַסעס פאַר קראַנקע, אַרבײטסלאָזיגע און ז. וו., אונזער אײנציגע אויפגאַבע איז צו פערקירצען דעם אַרבײטס-טאָג און פאַרניכטען די זונטאָג-אַרבײט".

די נצחונות פון דעם נײַעם יוניאָניזם האָבען זיך ניט בעגרענצט בלויז מיט דעם געביעט פון פּראַקטישע אַרבײט. צווישען די אַלטע פעראײנען פון די געלערנטע אַרבײטער בעמערקט זיך אויך אַ שטאַרקע ווענדונג אויף לינקס צום סאָציאַליזם.

נאָך אין יאָהר 1889 אויף דעם קאָנגרעס אין דענדי איז די מעהרהײט פון דעם ענגלישען אַרבײטער-קלאַס געוועזען אויף דער זײַט פון דער אַלטער ריכטונג. דער אָנפיהרער פון אַלטען יוניאָניזם בראָדערס האָט דאָ געהאַט אַ פאָלקאָמען נצחון איבער די סאָציאַליסטען. נאָר שוין אין קומענדיגען יאָהר, אויף דעם קאָנגרעס אין ליווערפול האָט זיך אַרויסגעוויזען אַ שאַרפע ענדערונג אין די אַנשויאונגען פון דעם אַרבײטער-קלאַס; אַפילו דער פערבאַנד פון בראָדערסט, דער פערבאַנד פון די מויערער, האָט זיך ענטשיעדען אַרויסגעזאָגט פאַר אַן 8 שעה'דיגען אַרבײטס-טאָג. דער אויספיהרונגס-קאָמיטעט פון „דער פעראײניגטער געזעלשאַפט מאַשין-בוי-אַרבײטער" האָט אויסגעוועהלט אין דער צאָהל פון זײַנע דעלעגאַטען 2 בעוואוסטע „נײַ-יוניאָניסטען בערנס און מען און ער האָט אויף זײַ אַרויפגעלעגט די פפליכט צו פיהרען אויף דעם קאָנגרעס אַ ענערגישע אַגיטאַציע פאַר אַ געזעץ וועגען

אַנ׳ 8 שעה׳דיגען אַרבײַטס־טאָג. אין דעם אייגענעם גײַסט זענען געוועזען די רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע טשעסליאַרעס און טאָג־אַרבײַטער. מיט איין וואָרט, די מעהרהײַט אַנטײַלנעהמער אויף דעם ליווערפולער קאָנגרעס איז געשטאַנען אויף דער זײַט פון די סאָציאַליסטען.

בערנס האָט וועגען דעם געשריבען פאָלגענדעס: „פון 60 בעשטימונגען פאָדערען 45, אַז די מלוכה און די געזעלשאַפט זאָלען פערטהײַדיגען די עקספּלואַטירטע געגען די עקספּלואַטאָרס. אויב מען זאָל אויסשליסען די פראַגע וועגען אַנ׳ 8 שעה׳דיגען אַרבײַטס־טאָג, וועט זיך אַרויסווײַזען אַז פון אַלע 20 פאָרשטעהער פון די אַרבײַטער־פעראיינען, שטעהן 19 אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון די סאָציאַליסטען, נאָר אפילו אין דער פראַגע וועגען דער געזעצליכער פערקירצונג פון אַרבײַטס־טאָג, האָבען מיר, סאָציאַליסטען, ערריכט אַזאַ בעדײַטענדע מעהרהײַט, אַז מיר האָבען די פאָלע רעכט צו פײַערען אונזער נצחון״.

אויף די שפּעטערדיגע קאָנגרעסען האָט די מעהרהײַט פון אָרגאַניזירען ענגלישען פראָלעטאַריאַט ענדליך אָנגענומען די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם.

אַלס ענדציעל פון דעם פראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמפּף איז אַנערקענט געוואָרען דער איבערגאַנג פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען צו דער געזעלשאַפט; דער 8 שעה׳דיגער אַרבײַטס־טאָג איז אַרויס־געטראָטען, אַלס וויכטיגסטע און נאָהענסטע פּראַקטישע אויפגאַבע.

---

## VIII.

## דער היינטיגער צושטאַנד, די אַלגעמיינע ריכטונג (טענדענציעס) און די ווײַטערדיגע ענטוויקלונג פון די ענגלישע אַרבייטער־פעראיינען.

אין דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל האָבען מיר שוין געזעהען, אַז דער סאָציאַליזם אין ענגלאַנד געפינט זיך שוין אויף אַ פעסטען באָדען. נאָר פון דעסטוועגען דאַרף מען ניט מײַנען, אַז אין יעדען ענגלישען אַרבײַטער־פעראיין איז די מעהרהײַט סאָציאַליסטען, און אַז אַלע ענגלישע פעראיינען שטעלען פאָר אַ איינאַרטיגע מאַסע, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט איין געמײַנזאַמען

גײסט. אין ענגלאַנד צופאַלט די אַרבײטער־מאַסע נאָך הײנט אויף צװײ אַבגעזונדערטע גרופּפּען: אױף אונגעלערנטע אַרבײטער און געלע־נטע. צװישען אָט די בײדע גרופּען איז אָפט ניטאָ קײן סאָלידאַריטעט: זײערע אינטערעסען אַזױ אויך זײער לאַגע אין דער געזעלשאַפט זענען אָפטמאָל זעהר פערשידען.

אָט די אינערליכע צושפּאַלטונג פון ענגלישען פּראָלע־אַריאַט לײגט אויך זײן שטעמפּעל אויף דעם כאַראַקטער פון די אַרבײטער־אָרגאַניזאַציעס. די פערבאַנדען פון די געלעהרנטע אַרבײטער און פון די אונגעלעהרנטע שטעלען פאָר צװײ אײגענאַרטיגע, שאַרף אָבגעגרענצטע טיפּען, מיט װעלכע מיר װעלען זיך באַלד בעקאַנען.

אַלס פאָרשטעהר פון די אונגעלעהרנטע אַרבײטער פעראײנען, װעלען מיר נעהמען דעם בעקאַנטען „פעראײן פון די אַרבײטער אויף דאָקען, װערפטען און האַפענס פון גאַנץ ענגלאַנד און אירלאַנד".

נאָך דעם נצחון אין יאָהר 1889 איז די הױפּט־שטרעבונג פון די דאָקער'ן אין זײער פּראָפּעסיע געװעזען אָנגעװענדעט אויף דעם, צו נוטצען די אונטערנעהמער אַנצוערקענען דעם פעראײן און שליסען דעם אָבמאַך ניט מיט אײנצעלנע אַרבײטער, נאָר מיט דעם „גענעראַל סעקרעטאַר" פון פעראײן, װי דאָס פּראַקטי־קירט זיך אין אַלע צװײגען פון דער ענגלישער אינדוסטריע, װאו די אַרבײטער זענען גוט אָרגאַניזירט. פערװירקליכען דיעזע אױפגאַבע איז בײ דער דאָקער־אַרבײט געװען כמעט אונמעגליך: אויף'ן װעג זענען געשטאַנען אַזעלכע מניעות, װעלכע ס'איז געװען אונמעגליך צו בעזײטיגען. אַן אָבמאַך מיט אַ גאַנצען פעראײן, אָדער װי מען רופט עס אין ענגלאַנד „אַ קאָלעקטיװער אָבמאַך" — איז לײכט צו עררײכען נאָר אין דעם פאַל, װען דער אונטערנעהמער איז געצװאונגען צו האָבען צוטהאָן מיט געלערנטע אַרבײטער. אַזעלכע אַרבײטער איז פערהעלטעניסמעסיג ניט דאָ קײן סך, און פעראײניגען זײ אין אײן פערבאַנד איז ניט שװער. דעריבער איז אין די צװײגען פון דער קװאַליפיצירטער אַרבײט פאַר דעם אונטערנעהמער זעהר ריזיקאַליש זיך אײנצו'עקשנ'ען און ניט װעלען אַנערקענען די פאָדערונגען פון פערבאַנד. ער קען אין גאַנצען בלײבען אָהן „אַר־בײטער־הענד", װאָס עס הײסט פאַר איהם אין גאַנצען בדיל־דל װערען.

ניט אַזױ בעשטעהט די זאַך אויף די דאָקען. די אַרבײט

אויף די דאָקען בעשטעהט הויפּטזעכליך אין דעם אָנלאָדען. און אוים לאָדען די שיפען", טראָגען אויסגעלאָדענע סחורות אין די האַפען-לאַגערען.

צו אַזאַ אַרבייט פאָדערט זיך נאָר פיזישע קראַפט. מען דאַרף קיין שום געוואוינהייט. יעדער פויער וועלכער איז צופעליג אַריינגעפאַלען אויף די דאָקען, קען ערפילען די אַרבייט כמעט מיט אַזאַ ערפאָלג, ווי דער פּראָפעסיאָנעלער דאָקער, וועלכע אַר-בייט שוין אויף האַפען גאַנצע צענדליגע יאָהרען. די בעלי־בתים פון די דאָקען האָבען שטענדיג אַ בעדייטענדען פאָרראַט פרייהע אַרבייטס-קראַפט, דען ליידיגע, פשוטע אַרבייטער קען מען צו יעדער צייט געפינען איבער גענוג אין יעדער גרויסער ענגלישער שטאָדט.

דורך די שווערע אַרבייטס-בעדינגונגען ביי די דאָקער'ן האָבען זיך די אונטערנעהמער געקענט ענערגיש שטעלען געגען די פאָדערונגען, וועלכע דער פעראיין האָט אַרויסגעשטעלט. נאָך אין יאָהר 1888, ווען עס האָט זיך גאָר וואָס אָנגעהויבען הערען אַ אונצופרידענהייט צווישען די דאָקער'ן האָבען די פּריוואַטע קאָמ-פּאַניעס פון די לאָנדאָנער דאָקען געהיילט זיך צו פעראייניגען אין אַ פערטהיידיגונגס-פערבאַנד, און בראש פון דעם פערבאַנד איז געשטאַנען דער „אַלגעמיינער קאָמיטעט פון לאָנדאָן אונד אינדיען". אָט דער אַלגעמיינער קאָמיטעט האָט גענומען אַנ' ענערגישען אַנ-טייל אין דער גרינדונג פון דער זאָ גענאַנטער „ליגע פון פרייען אַרבייט", וועלכע האָט געהאַט איהר הויפּט אויפגאַבע אַרויסצו-טרעטען געגען דעם „דעספּאָטיזם" פון די אַרבייטער-פעראיינען. קעמפּפען געגען דעם „קאָלעקטיווען אָבמאַך" און לויבען אין שריי-ענדע רעקלאַמען דעם פערלאָרענעם גן־עדן פון דער בורזשואַזיע, די פרייע קאָנקורענץ, פרייע אָבמאַכען צווישען איינצעלנע אַר-בייטער און אונטערנעהמער. די ליגע האָט ניט געהאַט קיין שום ערפאָלג: אַחוץ די אונטערנעהמער און זייערע געדונגענע אגענטען איז נאָר אַריין אַ קלייגער צאָל אַרבייטער פון דעם אָבפאַל פון פּראָלעטאַריאַט, אומגליקליכע לומפּען—פּראָלעטאַריער. אַ זעלכע זענען שטענדיג גרייט צו פערקויפען זייער נשמה פאַר אַ גראָשען. סוף כל סוף זענען פערלאָרען געוואָרען בחנם די קאַפּיטאַלען, וועלכע די בורזשואַזיע האָט מנדב געווען אויף צולויבען אין הימעל אַריין

די בעריהמטע „פרייע" אַרבייט: די שרייענדע פערזאַמלונגען פון די ליגע־העלדען האט ניט אַרויסגערופען ביי דעם אָרגאַניזירטען פראָלעטאַריאַט קיין שום פחד, נאָר בלויז אַ פעראַכטונגס־שמייכעל.

אויב די פראָבע פון די אונטערנעהמער צוריק צודרעהען דעם ראָד פון דער געשיכטע אויף גאַנצע הונדערט יאָהר איז אין אַלגעמיין ניט געלונגען, האט זיך דאָך איינגעגעבען אין איינצעלנע צווייגען פון דער פשוטער אַרבייט צו ערהייכען אייניגער מאַססען אַנ'ערפאָלג. די אַרבייט אויף די דאָקען געהערט טאַקע צו יענע אַרבייטס־צווייגען.

אַלע אַ תשובה אויף די פאָדערונג פון דאָקען־פעראיין וועגען אַ קאָלעקטיווען אָבמאַך, האט דער „אַלגעמיינער קאָמיטעט פון לאָנדאָן און אינדיען" איינגעפיהרט די זאָ נענאַנטע „בלאַנקען אויף פרייע אַרבייט". נאָר די אַרבייטער, וועלכע האָבען געהאט אַזעלכע בלאַנקען, האט מען צוגעלאָזען צו די דאָקען, און יעדער אַרבייטער, וועלכער האט גענומען אַזאַ בלאַנק, האט זיך דערמיט אַליין שוין פערפליכטעט אָבצוזאָגען זיך פון דעם קאָלעקטיווען אָבמאַך און פון דער פאָדערונג ניט צו דערלאָזען אויף די דאָקען יענע אַרבייטער, וואס זענען ניט קיין מיטגלידער פון פעראיין. אויף אַזאַ אופן קעהרען מיר זיך אום צוריק צו דער סיסטעם, וועלכע די אונטער־נעהמער האָבען, ווי מיר ווייסען שוין, ברייט פראַקטיצירט אין אָנפאַנג X X־טען יאָהרהונדערט און וועלכע איז דאַמאָלס בעוואוסט געווען אונטער דעם נאָמען „צושטעלען אַ דאָקומענט".

נאָר דאס „צושטעלען אַ דאָקומענט" האט אויף דער שוועל פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט ניט געהאט אין די דאָקען־אונטער־נעהמונגען אַזאַ שלעכטע ווירקונג אויף די פעראיינען, ווי 75 יאָהר צוריק. די אונטערנעהמער איז דאס נאָר געלונגען אויף העלפט, און ביז אַ געוויסען גראַד זענען זיי אַליין אַריינגעפאַלען אין דעם גרוב, וועלכען זיי האָבען מיט אַזוי פיעל ענערגיע געגראָבען פאַר די אָרגאַניזירטע דאָקער'ן.

ניט נאָר די מיטגליעדער פון דעם דאָקער'ן פעראיין זענען נים געגאַנגען אויף די בעדינגונגען פון די אונטערנעהמער; יעדער פיעל ווייניג אָרענטליכער אַרבייטער האט זיך אויך אָבגעזאָגט צו נעהמען „אַ בלאַנק פון פרייע אַרבייט". דער אויסדרוק „צעטעל־

אַרבּייטער" איז געוואָרען אַזאַ פערַאכטונגס=נאָמען ווי „שוואַרץ=פוסיגער"*). נאָר גאָר די עלענדסטע, אין מאָראַלען און גייסטיגען זין, אַרבּייטער, די לעצטע לומפּען, זענען מ־וצה נעהמען אַרבּייט אויף די בעדינגונגען פון די אונטערנעהמער און פערראַטהען די אַלגעמיינע זאַך. סוף כל סוף האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיט בלאַנקען קומט אָהן נאָר דער ערגסטער אָבפאַהל פון די דאָקען=אַרבּייטער, וועלכע זענען גאָר ניט פעהיג צו אַ רעגעלמעסיגע און ענערגישע אַרבּייט.

זייער אַרבּייט איז געוועזען אויף אַזוי פיעל אונפּראָדוקטיוו, אַז זי האָט די קאַפּיטאַליסטען ניט געגעבען קיין שום ריוח. די אונטערנעהמער זענען געבליבען אין זעהר אַ טרויעריגער און לעבערליכער לאַגע. זיי האָבען געוואָלט פערניכטען דעם פעראיין כדי צו פערגרעסערען דעם ריוח, און באמת האָבען זיי איהם נאָר פערקלענערט. זיי האָבען זיך דעריבּער געמוזט אָבזאָגען פון זייער פּלאַן.

כמעט אַלע דאָקען־קאָמפּאַניעס האָבען ווידער אָנגעהויבען צוצונעהמען אויף אַרבּייט די מיטגליעדער פון די אַרבּייטער פעראיינען.

אויף אַזאַ אופן איז די אונטערנעהמער ניט געלונגען אַרויסצושטויסען די אָרגאַניזירטע אַרבּייטער פון די דאָקען, נאָר דער דאָקען=פעראיין האָט אויך ניט ערדייכט זיינע פאָדערונגען פון אַ קאָלעקטיווען אָבמאַך. „די אַרבּייטער מיט בלאַנקען" בילדען נאָך אַלץ אַ בעדייטענדען טייל פון די דאָקערן און שטערען שטאַרק די פריעדליכע טהעטיגקייט פון פעראיין און די מעגליכקייט צו געפינען אַן אונבעגרענצטע צאָהל „שוואַרץ=פוסיגע" אין דער צייט פון אַ שטרייק, שוואַכט שטאַרק אָב די קראַפט פון זיין קאַמפּפס=פּאָליטיק.

דער אומשטאַנד, וואָס צו דער אַרבּייט אויף די דאָקען קען צוטרעטען יעדער פּראָסטער אַרבּייטער, ווירקט זעהר שלעכט ניט נאָר אויף די אויסערליכע טהעטיגקייט פון פעראיין, נאָר אויך אויף זיין אינערליכע לאַגע. אַפילו צווישען דעם בעסערען טייל

*) שוואַרץ־פוסיגער רופט מען אין ענגלאַנד אַ שטרייק־ברעכער. אַ ענגלישען אַרבּייטער קען מען מיט קיין שום זאַך ערגער ניט בעליידיגען, ווי מיט דעם נאָמען „שוואַרץ־פוסיגער".

ראָקען, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין פערײַן, איז אויך דאָ יוּעניג אַרבײַטער, וועלכע זאָלען האָבען אַ שטענדיגע און בעשטימ־טע אַרבײַט, וועלכע זאָלען גוט וויסען זײַערע אַרבײַטס־בעדינגונגען און הויפּטזעכטליך, וועלכע זאָלען זײַן געוואָהנט צו אַנ׳אָרגאַני־זירטע טהעטיגקײַט געמײַנזאַם מיט די חברים. דער גרעסטער טײַל פון פערײַן בעשטעהט פון אָנגעקימענע, צופעליגע עלעמענטען.

די שלים־מזל׳ניקעס פון די זאָגענאַנטע „פרײַע פּראָפעסיעס" —אַדוואָקאַטען, לעהרער, זשורנאַליסטען, וועלכע האָבען זיך אָבגעריסען פון זײַער שטאַנד, פאַבריק־אַרבײַטער, וועלכע זענען אַרײַנגעפאַלען אין די אַרבײַטס־לאָזיגע אַרמעע, די אונגעהויערע מאַססע דאָרף־אַרבײַטער, וועלכע זענען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אין שטאָדט אַרײַן צוליעב דעם שטילשטאַנד אין דער לאַנד־ווירטשאַפט — אָט די גאַנצע פערשידען־פאַרביגע מאַססע, יאָגענדיג זיך נאָך ברויט, פערפלײַצען פערשידענע צווײַגען פון דער פשוטער אַרבײַט און אויך פון די דאָקען. פערשטעהט זיך, אַז סײַ די שטענדיג־וואַנדערנדע שלים־מזל׳ניקעס, וועלכע זענען נאָך זײַער פּסיכאָלאָגיע עהנליך צו די לומפען־פּראָלעטאַריער, סײַ די געוועזענע דאָרף־אַרבײַטער מיט זײַערע קלײנע בעדערפניסען און שמאָלען פערשטאַנד — זענען ניט זעהר פעהיג ענערגיש און פעסט צו פיהרען דעם שווערען קאַמפּף פון די אַרבײַטער־פערײַנען. דאָס וואַנדער־פאָלק איז נאָר פעהיג צו שטורמישע אָבער ווענינג דויערנדע אויפברויזונגען, וועלכע פערבײַט זיך באַלד מיט גלײַכ־גילטיגקײַט און פערצווײַפלונג אָדער זאָגאַר מיט אַ הי. כ׳דיגער שטימונג.

וואָס אָנבעלאַנגט די געוועזענע דאָרף־אַרבײַטער קענען זיי זעהר שווער פערשטעהן די אַלגעמײַנע אויפגאַבען פון קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט. די לעבענס־אינטערעסען פון פויער געהן ניט ווײַטער פון זײַן אײגענעם דערפעל: וואָס ס׳טהוט זיך הינטער די גרענצען פון זײַן דאָרף אינטערעסירט איהם גאַנץ ווענינג.

דעריבער איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס דער פויער ווענדעט אָן זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט נאָר אויף זײַן פאַמיליע, אויף זײַן אײגענע ווירטשאַפט; אַלע געזעלשאַפטליכע ענינים און אַלע געזעלשאַפטליכע ערשײַנונגען אינטערעסירען איהם נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער קען פון זיי ערוואַרטען צו האָבען

אין גיכען זיבערע נוצען פאר זיך אָדער פאר זיין פאַמיליע. אמת טאַקע, אַז אין ענגלאַנד איז שוין לאַנג ניטאָ קיין זעלבסט־שטענדיגע פויערים; דער דאָרף־אַרבײטער איז דאָרט אַנ׳אמת׳ער בעזיצלאָזער פּראָלעטאַריער. נאָר צוליעב דעם אָבגעזונדערטען און אָבגעשטאַנענעם דאָרפישען לעבען, טראָגען נאָך די דאָרף־אַרבײטער אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דעם אַלטען קלײנעם ערד־אײגענטהימער.

די געשיכטע פון דעם דאָקער־פעראיין גיט אונז די מעגליכקייט זיך גענוי צו בעקענען מיט די רעסטען פון דער פויערשער אָדער קלײנבירגערליכער בעגרענצטהײט בײ די אָנגע־פאָהרענע שטאָדט־אַרבײטער.

אין יאָהר 1889, ווען די גרויסע נדבות. וואָס האָבען זיך געשאָטען פון אַלע זייטען אין דאָקער־פעראיין, האָבען זיכער געמאַכט דעם נצחון, און די גרויסע געלד־סומען, וועלכע האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין דער קאַססע פון פעראיין, האָבען געגעבען די מעגליכקייט צו האָפען אויף שטאַרקע שטיצע, איז די צאָהל מיטגליעדער געוואַקסען מיט אַנ׳אונגעהויערער גיכקייט. נאָר אָט איז פערבײ די צייט פון שאַרפען קאַמפף. דער פעראיין האָט זיך דערשלאָגען אַ העכערען לוין און די אָבשאַפונג פון דער „פערמיטלער סיסטעם" ניט נאָר פאַר זיינע מיטגליעדער נאָר פאַר אַלע דאָקערן; אין דער זעלבער צייט ווערט בעשטימט, אַז די קאַססע זאָל דינען נאָר אויף קאַמפפס־צוועקען: די שטיצע אין פאַל פון קראַנקהייט, אַלטקייט א. ז. וו. ווערט אָבגעשאַפט. די אָנגעקומענע אַרבײטער מיט זייער קלײנבירגערליכער פּסיכאָלאָגיע פערלירען דעם גאַנצען אינטערעס צום פעראיין. זיי האָבען שוין אין פעראיין ניט געזעהן קיין דירעקטען נוץ פאַר זיך אָדער פאַר זייערע פאַמיליעס, און דעריבער טראָגען זיי בעסער אַריין זייערע אָבשפּאָרונגען אין די קאַססעס פאַר געגענזייטיגע הילף. אין די 90־ער יאָהרען האָט די צאָהל מיטגליעדער פון דאָקער־פעראיין אָנגעהויבען שטאַרק פאַלען, און יעצט ענטהאַלט ער ניט מעהר ווי 20.000 מיט־גליעדער, און אַפילו פון די 20.000 זענען פיעלע נאָר אַנ׳איבע־ריגע לאַסט, זיי טרעטען ניט אַרויס פון פעראיין הייל צוליעב דעם, ווייל ער האָט בעשטימט אַרויסצוגעבען קלײנע שטיצע אויף הוצאות הקבורה פאַר מיטגליעדער פון פעראיין.

דער דאָקער-פעראיין קען אַלוּאָ ניט ערפילען מיט ערפאָלג זיינע אויפגאַבען אַלס קאַמפפס-אָרגאַניזאַציע און ניט צוליעב וועלכער ס׳איז צופעליגער אורזאַכע, נאָר צוליעב דעם כאַראַקטער גופא פון דעם אַרבייטס-צווייג, אין וועלכען ער פיהרט זיין טהעטיגקייט. אין אַזעלכע אונגינסטיגע בעדינגונגען געפינט זיך די טהעטיגקייט פון יעדער אַרבייטער-פעראיין, וועלכע בעשטעהט אויסנאַהמליך פון טאָג-אַרבייטער. די טאָג-אַרבייטער שטעהען שטענדיג פאַר די ראַדיקאַלסטע פּראָגראַם; אין דער צייט פון גרויסע שטרייקען און איבערהויפט אין יעדען שאַרפען קאַמפף מיט די אונטערנעהמער, דינען זיי דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס מוסטער מיט זייער זעלבסטאָפּפערונג און בעגייסטערונג. דערפאַר אין דער פריעדליכער צייט קיהלען זיי זיך אָב; די געמיינזאַמע אינטערעסען טרעטען אָב אויף דעם צווייטען פּלאַן פאַר די פערזענליכע און די אָרגאַניזירטע אַרבייט מאַכט קליינע פאָרשריטע.

פונקט דער היפּך איז די אָרגאַניזאַציע פון דער קוואַליפיצירטער אַרבייט. אָט די גרויסאַרטיג און מוסטערהאַפט-געבויטע אָרגאַניזאַציעס זענען דאָס רוב דורכגעדרונגען מיט אַן׳ענגער קאָנסערוואַטיווער און אָפּטמאָל פּראָסט רעאַקציאָנערער פּאָליטיק, וועלכע וויל ענדע דעם XIX-טען יאָהרהונדערט אַריינבלאָזען אַ נייע נשמה אין די אַלטע אידעאַלען און האָפנונגען פון דער מיטעלאַלטערליכער האַנדווערקערײַ. „דער פערבאַנד פון די קעסעל-מאַכער, שיעף-בוי אַרבייטער" שטעלט אונז פאָר אַ כאַראַקטעריסטישען בילד פון די אָבגעשטאַנענע אַרבייטער-פעראיינען אין ענגלאַנד. ניט קוקענדיג אויף אַלע ערפאָלגען פון דער סאָציאַליסטישער ריכטונג, שטעהט נאָך דאָ דער אַלטער יוניאָניזם אין גאַנצען אונבעריהרט.

די אַרבייטער פון דער שיף-בוי אינדוסטריע צופאַלען אויף צוויי שאַרף-אָבגעזונדערטע שיכטען. צו איינעם געהערען די אַרבייטער פון דער מעהרער קינסטלערישער אַרבייט—די שיף-בויער, וועלכע בעטייליגען זיך דירעקט אין דעם שיפבויען. צו דעם אַנדערען געהערען זייער געהילפע, די פּשוטע אַרבייטער. די אונטערנעהמער האָבען נאָר צוטהון מיט די געלערנטע אַרבייטער, וועלכע דינגען פון זיך געהילפע. לויט דער סיסטעם, וואָס הערשט אויף די ווערפען, דער סיסטעם פון שטיק-אַרבייטס-לוין, העגנט אָב דער פערדינסט פון פּשוט׳ן אַרבייטער פון איין זייט פון דעם פּרייז,

פאַר וועלכען ס'איז אָנגענומען געוואָרען דער גאַנצער פּאָדריאַד, פון דער צווייטער זייט — פון דער צאָהל אַרבייטסשטונדען. פערשטעהט זיך, אַז די געלערנטע אַרבייטער סטאַרען זיך וואָס וועניגער אָבגעבען די פּשוט'ע אַרבייטער פון דער סומע, וועלכע זיי בעקומען פון דער גאַנצער אונטערנעהמונג.

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז די שיף־בוי־אַרבייטער זענען, אין דער בעציהונג צו די פּשוטע אַרבייטער, אונטערנעהמער־עקספּלואַטאַטאָרען. דער רעזולטאַט פון דעם איז אַ שאַרפע מלחמה צווישען די געהילפע און זייערע „בעלי־בתים — די אייגענטליכע שיף־בויער.

אין דעם שיף־בוי־פערעאיין נעהמט מען קיין געהילפע ניט צו; דאָ קענען אַריינטרעטען נאָר יענע געלערנטע אַרבייטער, וועלכע האָבען דאָס רעכט זיך צו רופען שיף־בויער.

די געהילפע זענען געצוואונגען צו גרינדען זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע בעציהען זיך צו דעם שיף־בוי־פערעאיין, ווי צו אַ פערעאיין פון אונטערנעהמער. ווי שאַרף עס איז דער קאמפף צווישען אָט די ביידע שיכטען אַרבייטער קען מען זעהען פון דעם פאָלגענדען פאַקט. אין יאָהר 1892 איז אין סענדערלאַנד פאָרגע־קומען אַ צוזאַמענשטוס צווישען די געהילפע און די אייגענטהימער פון די ווערפען. אויף דעם אָרט פון די שטרייקענדע, האָבען די אייגענטהימער אַרויסגערופען אַרבייטער פון די מערב'דיגע לאַנד־ווירטשאַפט-ראַיאָנען. אין דעם טאָג, ווען די „שוואַרץ־פּיסיגע" זענען אָנגעקומען, האָבען די שיף־בוי־אַרבייטער געשפּילט די ראָלע פון פּאָליציי־בעאַמטע; אויף דעם גאַנצען וועג פון וואָגזאַל ביז די ווערפען האָבען זיי געשיצט די אָנגעקומענע געגען די גוואַלד־טהאַטען פון די געהילפע. אין דער צייט פון גאַנצען שטרייק האָבען די שיף־בוי־אַרבייטער מקרב געווען די „שוואַרץ־פּיסיגע" ניט וועניגער, ווי די קאַפּיטאַליסטען אַליין. נאָך דער אַרבייט פלעגען זיי פאַר זיי מאַכען בעלער, און האָבען איבערהויפּט מיט אַלע כחות געהאָלפען די קאַפּיטאַליסטען מנצח צו זיין די געהילפע.

דער שיף־בוי־פערעאיין האַסט ניט נאָר די געהילפע פון זייערע ווערפען, נאָר איבערהויפּט אַלע ניט-געלערנטע אַרבייטער. שטרע־בענדיג מיט אַלע כחות אַיינצוהאַלטען זייער פּריווילעגירטע לאַגע אַלס אַרבייטער-אַריסטאָקראַטיע, געברויכען די שיף-בוי-אַרבייטער

אַלע מיטלען ניט אַריינצולאָזען די פּעראיינען פון די פּשוטע אַרבייטער אין די „אַלגעמיינע פעדעראַציע פאַר אַרבייטער פון דער שיף-בוי-אַרבייט", ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פּעראיינען פון די פּשוטע אַרבייטער האָבען אַסך מאָל געשטיצט מיט געלד די שיף-בוי-אַרבייטער אין דער צייט פון שטרייק.

דער קורצזיכטיגער עגאָיזם, זעלבסטליעבע און אָבגעזונדערט-הייט פון די שיף-בוי-אַרבייטער בעווייזען זיך אין אַלע געביעטען פון זייער טהעטיגקייט, און צייטענווייז אין אַזאַ שאַרפען כאַראַקטער, אַז פון איינינע פון זייערע פּלענער שמעקט מיט דעם שימעל-גערוך פון די מיטעלאַלטערליכע צעכען. זיי שטרעבען איבעראַניים אויפצושטעלען די מיטעלאַלטערליכע געזעצען וועגען לעהר-אינגלעך. לויט זייערע סטאַטוטען הייבט מען אָן זיך לערנען די מלאכה צו 14 יאָהר, נאָר דערגרייכען די מדרגה פון אַ לעהר-אינגעל קען מען, נאָך זייער סטאַטוט, נאָר נאָך צוויי יאָהר לעהרע. אַ יונגעל פון 16 יאָהר ווערט אַ לעהר-אינגעל. אַזוי בלייבט ער גאַנצע פינף יאָהר „צוגעשמידט" צו זיין מייסטער דורך אַ קאָנטראַקט; נאָר נאָך דעם טערמין, גיט איהם דער פּעראיין אַרויס אַ צייגניס, אַז ער איז פעהיג צו אַרבייטען אַלס אַ פאָלבערעכטיגטער שיף-בוי-אַרבייטער. די שיף-בוי-אַרבייטער האָבען שוין לאַנג געפיהרט אַ קאַמפּף געגען דעם אונבעגרענצטען געברויך פון לעהר-אינגלעך-אַרבייט, און אין יאָהר 1893 איז זיי באמת געלונגען צו בעגרענצען די צאָהל לעהר-אינגלעך מיט צוויי אויף יעדע 7 פאָלבערעכטיגטע אַרבייטער.

אָט דאָס איז דער „פּעראיין פון קעסעל-מאַכער און שיף-בוי-אַרבייטער" — דער כאַראַקטעריסטישער פאָרשטעהער פון דער אַרבייטער-אַריסטאָקראַטיע. מיר זעהען, אַז צווישען דיזע שיכטען וואָלט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע געווען פאָלקאָם אונפּרוכט-באַר. כל זמן די טעכנישע ענטוויקלונג וועט גרינדליך ניט אומענדערען די אַרבייטס-בעדינגונגען אין דער שיף-בוי-אינדוסטריע, כל זמן דער לאַנגער לעהר-טערמין וועט ניט פערניכטעט ווערען דורך די ברייטע אָנווענדונג פון מאַשין-אַרבייט, וועלכע מאַכט מעגליך זיך צו בענוטצען מיט פּשוטע אַרבייטער, וועלען די שיף-בוי-אַרבייטער האַרטנעקיג שלעפען צוריק, שעפּענדיג זייערע אידעאַלען ניט אין די מאָדערנע בעדינגונגען פון דעם פּראָלעטאַרישען

בעפרײַאונגס־קאַמפּף, נאָר אין די אַלט־פראַנקישע צעכען־אָרדנונגע, פון מיטעל־אַלטער.

מיר האָבען זיך בעקאַנט מיט צווײ טיפּען פון די ענגלישע אַרבײַטער־פעראײנען: ערשטענס מיט די פערבאַנדען פון די נידערע־ריגערע פּראָלעטאַרישע שיכטען, פּשוטע אַרבײַטער אין אמת'ען זין פון וואָרט, ווי למשל די דאָקער'ן, און צווײטענס, מיט די פער־אײנען פון די מעהרער קינסטליכע אַרבײַט פון דער אַרבײַטער אַריס־טאָקראַטיע, צו וועלכער עס געהערט „דער פעראײן פון די קעסעל־מאַכער און שיף־בוי־אַרבײַטער".

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די רעגעלמעסיגע ענטוויקלונג פון די אַרבײַטער־אָרגאַניזאַציעס פון דיזע געגענזעצליכע טיפּען בעגעגענט אויף איהר וועג הינדערניסען, וועלכע זענען נאָך זײער כאַראַקטער נאָך נעגענזעצליך, נאָר וועלכע ברײַנגען צו אײנעם און דעם זעלבען רעזולטאַט: אין די בײדע פאַלען האָבען די פעראײנען ניט קײן פעסטע צוקונפט. די אַריסטאָקראַטען פון דעם אַרבײַטער קלאַסס שליסען אויס, צוליעב זײער פּריווילעגירטע לאַגע, זײערע אינטע־רעסען פון די אַלגעמײנע אַרבײַטער־אינטערעסען; זײ קענען ניט פערשטעהען, אַז זײערע אינטערעסען זענען סאָלידאַריש מיט די אינ־טערעסען פון גאַנצען פּראָלעטאַריאַט. די פּשוטע אַרבײַטער ווײַטער, זענען ניט פעהיג בײַ זײער גאַנצען ראַדיקאַליזם, פעסט אײנצואָרד־נען די אינערליכע אָרגאַניזאַציע פון פעראײן.

נאָר אויסגלײַכענדיג די געגענזאַצען צווישען דער קוואַליפיצי־רטער און פּשוטער אַרבײַט, נאָר פעראײניגענדיג דיזע געגענזעצליכע אָרגאַניזאַציעס אין אײן האַרמאָנישעם גאַנצעם, קען זיך בילדען אַזאַ טיפּ פעראײן, וועלכער זאָל דינען די אַלגעמײנע אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט.

נאָר אַזאַ פעראײן וועט קענען אין ענגלאַנד אַרײַנפיהרען אין לעבען דעם סאָציאַליזם, נאָר אַזאַ פעראײן וועט קענען זײַן דאָס אמת'ע קערנדעל פון דער צוקונפטיגער פרײַהײַטס־מלוכה; ער וועט אין זיך פעראײניגען דעם פרײהען צוטריט מיט דער שטרענגער אָרגאַניזאַ־ציאָנס־דיסציפּלין, אַ רײַכע קאַססע מיט אַ ברײַטער סאָציאַל־פּאָלי־טישע פּראָגראַם, מיט אײן וואָרט, דעם ראַדיקאַליזם פון די נידערע־ריגע פּראָלעטאַרישע שיכטען מיט דעם ניכטערען פערשטאַנד וועגען די דירעקטע אויפגאַבען פון לעבען. פערשטעהט זיך, אַז פּראַקטיש

פּערוויִרקליִכען אַזאַ אידעאַלען פּעראיין איז מעגליִך נאָר אין די אינ־דוסטריעלע צווייגען, וואו דער טעכנישער פּראָגרעס האָט שוין אַוועקגעשטעלט אויף איין מדרגה די געלערנטע און פּשוטע אַר־ביימער, וואו דיזע ביידע שיכטען שפּילען אַ גלייכע וויכטיגע ראָלע אין דער פּראָדוקציאָן, און וואו זייערע אינטערעסען זענען ניט געגענזעצליך, ווי מיר האָבען דאָס געזעהען ביי די שיף־בוי־אַר־בייטער און זייערע געהילפע, נאָר גיסען זיך צוזאַמען און ווערען געמיינזאַמע אינטערעסען.

אַלס אַ ביישפּיעל פון אַזאַ פאָלקאָמען טיפּ אַרבייטער־פּעראיין קען דינען די „פעראייניגטע געזעלשאַפט פון מאַשין־בוי־אַרבייטער".

אַ לאַנגע צייט איז דער פעראיין פון די מאַשין־בוי־אַרבייטער געוועזען אַ טיפּושע אָרגאַניזאַציע פון געלערענטע אַרבייטער און גע־וועזען אַזוי שמאָל, קורצזיכטיג־אָבגעזונדערט ווי איבערהויפּט אַלע אַלטע פעראיינען. נאָך מיט דרייסיג יאָהר צוריק זענען די מאַשין־בוי־אַרבייטער געוועזען די העכסטע אַרבייטער־אַריסטאָ־קראַטיע. די אַרבייטער פון פערשיעדענע ספּעציאַליטעטען אין דער מאַשין־בוי־אַרבייט, ווי טאָקאַרעס, איינשטעלער, מיהלען־בויער, שמיעדין, און די וועלכע זענען שפּעטער צוגעשטאַנען— צייכענער און פאַרב־גיסער זענען געוועזען, לויט זייער פּראָפעסי־אָנעלער פאָרבערייטונג די העכסט מיוחסימדיגע אַרבייטער, זיי האָבען געבילדעט דעם העכסטען שיכט פון פּראָלעטאַריאַט. נאָר דער טעכ־נישער פּראָגרעס האָט דאָ ניט לאַנג פערוואַנדעלט די מאַשין־פאַב־ריקאַציאָן אין אַ פּשוטע מלאכה, וועלכע בעשטעהט אין דער שטענ־דיגער אויסאַרבייטונג פון איינע און דיזעלבע איינפאַכע זאַכען, האָט פאַרביטען די האַנד־אַרבייט אויף מאַשין־אַרבייט, און האָט אויף אַזאַ אופן פערוואַנדעלט דעם פּראָפעסיאָנעלען קינצלער און ווי מען זאָגט אין ענגלאַנד—„מאַשין מענש", אין אַ פּשוטען אויפקוקער אויף דעם אַוטאָמאַטיש־אַרבייטענדען מעכאַניזם. איינינגע צייט האָבען די מאַשין־בוי־אַרבייטער, אויף דעם שטייגער פון די אַלטע יוניאָניסטען, זיך געוואָלט בעוואָהרענען פון דער קאָנקורענץ פון ניט געלערנטע אַרבייטער, נאָר אין גיכען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זייער מיה איז אומזיסט: די ווייטערע טעכנישע ענטוויקלונג האָט אַלץ מעהר פערברייטערט דעם אַרבייטס־געביעט פון די „מאַשין־מענשען"; די קוואַליפיצירטע אַרבייט איז אַלץ מעהר אַרויסגעשטוי־

סען געוואָרען. אין די 90-ער יאָהרען איז שוין געוואָרען קלאָהר
אַז די ווירקליכע אינטערעסען פֿון די מאַשין-בוי-אַרבייטער בעש-
טעהען ניט אין דעם, מען זאָל אויסשליסען פשוטע אַרבייטער פֿון
פערעין, נאָר אין דעם פעראייניגטען, אָרגאַניזירטען קאַמפּף פאַר
א בעסערע צוקונפט. די אַרבייטער-יוגענד, וועלכע איז שטענדיג
פעהיגער אָנצונעהמען נייע ריכטונגען, איידער די וועכטער פון די
אַלטע טראַדיציעס, זענען אַריבער אויף דער זייט פון די פשוטע
אַ-בייטער און געפאָדערט מען זאָל אין גאַנצען אומענדערען די
סטאַטוטען פון דעם מאַשין-בוי-פעראיין. אין יאָהר 1892 האָט
דער פעראיין ברייט געעפענט זיינע טיהרען פאַר אַלע אַרבייטער פון
דער מאַשין-אינדוסטריע, ניט מאַכענדיג קיין אויסנאַהם פאַר די
„מאַשין-מענשען".

אמת טאַקע, אַז ביז אַהער האָט זיך מיט דיזער ערלויבניס
געקענט בענוצען נאָר אַ קלייגער טייל פון די פראָסטע אַרבייטער,
דען זיי זענען ניט געווען בכח צו צאָהלען אַזאַ פערהעלטניס-
מעסיג גרויסע מיטגליעדער אָבצאָהלונג (פון 50—85 קאָפּ.
אַ וואָך). נאָר יעצט רעכענט מען צו בעשטימען פאַר פערשידענע
מאַשין-בוי-אַרבייטער פערשידענע אָבצאָהלונגען, לויט זייער
פערדינסט.

„די פעראייניגטע געזעלשאַפט פון די מאַשין-בוי-אַרבייטער"
איז ווייט פון דעם צעכען-גייסט זאָגאַר אין דער פראַגע וועגען
לעהר-אינגלען, וואו דער צעכען-גייסט האַלט זיך נאָך ביז היינט
אין איניגע טעכניש אָבגעשטאַנענע צווייגען: די צאָהל פון די
לעהר-אינגלעך איז ניט בעגרענצט, מען נעהמט זיי זאָגאַר אַריין
אין פעראיין. חאָטש זיי האָבען ניט קיין שום שטים-רעכט, בענוצען
זיי זיך פון דעסטוועגען מיט אַלע עקזיסטירענדע שטיצונגס-פאָרמען
און פראָפעסיאָנעלע פערטהיידיגונג, גלייך מיט אַלע פאָלבערעכ-
טיגטע מיטגליעדער.

אַריינגעהמענדיג די פשוטע אַרבייטער, וועלכע אַרבייטען
אין די אייגענע פאַבריקען, וואו זיינע מיטגליעדער, האָט דער
מאַשין-בוי-פעראיין זיך דערמיט נאָך ניט בענוגענט אין זיינע
פעראייניגונגס שטרעבונגען. איינע פון זיינע וויכטיגסטע ציעלען איז צו
ערגרייכען אַ פאָלקאָמע פעראייניגונג פון אַלע ענגלישע אַרבייטער, וועלכע
געהערען דער מאַשין-בוי-פראָפעסיע. אין דער לעצטער צייט האָט ער

געמאַכט אַ גאַנצע רייהע פראָבען אין דיזער ריכטונג, און אויב די פראָבען זענען איהם ניט איבעראַל געלונגען, איז דאָס מעהרסטענטהייל צוליעב צופעליגע אורזאַכען, טהיילווייז צוליעב פערזענליכע סבות. ס'איז שוין קיין שום ספק ניט, אַז אין דער נאָהענסטער צוקונפט וועט אויסוואַקסען אונטער דער אָנפיהרונג פון דער „פעראייניגטער געזעלשאַפט" אַן'אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פערבאַנד, וואָס וועט אַרומנעהמען אַלע אַרבייטער פון דער מאַשין־בוי־אינדוסטריע.

אין דעם אַלגעמיינעם סאָציאַל־פּאָליטישען קאַמפּף פון ענגלישען פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ בעסערע צוקונפט פערנעהמט איינעם פון די העכסטע ערטער די'זעלביגע „פעראייניגטע געזעלשאַפט פון מאַשין־בויער" דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט — ב ע ר נ ס — איז איינער פון די בעוואוסטע מיטגליעדער אין דער „אונאַבהענגיגער אַרבייטער־פּאַרטיי", וועלכע די סאָציאַליסטען האָבען געגרינדעט אין 1893־טען יאָהר. ט אָ ם מ ע נ ן, דזשאָן ב ע ר נ ס, די בעריהמטע טהוער אין דער ענגלישער אַרבייטער־בעוועגונג געהערען צו דעם מאַשין־בוי־פעראיין; דער פאָרשטעהער פון דער „אונאַבהענגיגער אַרבייטער פּאַרטיי" ק יי ר ה אַר ד י איז אויך אַ מאַשין־בויער.

די נאָהענטסטע פּראַקטישע אויפגאַבע פון דעם נייעם יוניאָניזם אין דער יעצטיגער צייט בעשטעהט אין דעם, מען זאָל זיך דערשלאָגען פון פּאַרלאַמענט, ער זאָל בעשטימען געזעצליך אַ נאָרמאַלען אַרבייטס־טאָג און אַ נאָרמאַלען אַרבייטס־לוין. די בעוואוסטע פאָרמולע פון די ענגלישע אַרבייטער זאָגט:

8 שעה אַרבייט, 8 שעה רוהע,

8 שעה שלאָפען, 8 שילינג (4 רובל) טאָג לוין.

דאָס זענען די זאָגענאַנטע פיער אַכטעלען, וועלכע זענען דער קאַמפּפס־פּאַראָל פון נייעם יוניאָניזם. וואָס אָנבעלאַנגט די פאָדערונג פון 8 שילינג טעגליכען לוין, האָבען די אַרבייטער דאָס נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעשלאָגען דעם פּאַרלאַמענט און ביי די יעצטיגע בעדינגונגען וואָלט דאָס ניט געקענט האָבען קיין שום ערפאָלג. דעריבער מיינען אַ סך, אַז דאָס פיערטע אַכטעל האָבען די אַרבייטער מוסיף געווען גלאַט פון גראַם וועגען.

ניט אַזוי קיקט אָבער אויף דעם די „פערייניגטע געזעל-
שאַפט פון מאַשין-בויער". אײנגעפינענדיג אַז עס איז אונמעגליך
זיך צו דערשלאָגען אַנ'אַלגעמיינעם געזעץ, וואָס זאָל פערזיכערען
אַ גענוגענדען לוין פאַר אַלע אַרבייטער פון ענגלאַנד, האָט די
געזעלשאַפט זיך געמוזט בעגרענצען בלויז מיט זייער פראָפעסיע,
און אין דעם געביעט איז זי שוין געלונגען איבעראַל צו בעשטימען
די נאָרם פון אַרבייטס-לוין; וועניגער פון דיזער נאָרם טאָר קיין
מיטגליעד פון פעראיין ניט נעהמען. אין מאַנטשעסטער איז דער
מינימום-לוין 64 רובל אַ חודש, אין גלאַזגאָ 61, אין ליווערפול
68. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז דער קלענסטער לוין איז אויך
העכער פאַר 60 רובל אַ חודש. ס'פערשטעהט זיך, אַז דאָס
איז נאָך ווייט ניט קיין 8 שילינג אַ טאָג, נאָר דאָך איז דאָס
שוין ניט קיין שלעכטער לוין, איבערהויפט פון אונזער-רוסישען
שטאַנדפונקט.

„די פערייניגטע געזעלשאַפט פון די מאַשין בויער" געהט אין די
ערשטע רייהען פון ענגלישען פראָלעטאַריאַט אין קאַמפף פאַר אַנ' 8
שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג. ערשט ניט לאַנג אין יאָהר 1897–98
האָבען די מאַשין-בויער אויסגעהאַלטען אַ 7 חדש'ם'דיגען שטרייק
און אַ לאָקאוט (די אונטערנעהמער פערמאַכען די פאַבריקען) פאַר די
פערקירצונג פון אַרבייטס-טאָג פון 9 שעה אויף 8. אָנגעהויבען האָט
זיך דער קאַמפף אין מאַי 1897. געענדיגט האָט ער זיך ערשט
אין פעברואַר 1898 יאָהר. דעם פראָלעטאַריאַט האָט זי געקאָסט
אַנ'ערך 55 מיליאָן רובל, די קאַפּיטאַליסטען האָבען היזק געהאַט
50 מיליאָן. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז די קאָלאָססאַלע אינ-
דוסטריעלע מלחמה האָט געקאָסט איבער הונדערט מיליאָן
רובל. דאָ איז דייטליך אַרויסגעטראָטען דער קלאַססען-כאַראַקטער
פון דעם קאַמפף צווישען די אַרבייטער און אונטערנעהמער. דער
קאַמפף פון אַנ'איינצעלנעם פאַבריקאַנט מיט זיינע אַרבייטער
געהט אַלע מעהר אַראָב אויף דעם הינטערשטען אָרט; זיין אָרט
פערנעהמט דער קאַמפף פון דעם אָרגאַניזירטען קלאַסס
קאַפּיטאַליסטען מיט דעם אָרגאַניזירטען אַרבייטער
קלאַסס.

דער לעצטער קאַמפף פון די מאַשין-בוי-אַרבייטער צוזאַמען
מיט נאָך אַזעלכע ערשיינונגען האָט איבערהויפט געהאַט זעהר אַ

גרויסען איינפלוס אויף דעם וויטערען גאנג פון דער ארבייטער־בע־
וועגונג אין ענגלאנד. נאר דער שטארקסטער ארבייטער־פער־
איין אין ענגלאנד איז געוועזען בכח וויעדער צושטעהן דעם אנפאל
פון דעם אונטערנעהמער־פערבאנד אויף זיינע רעכטען. איהם איז
אבער אויסגעקומען זיך אבזאגען פון זיינע פריהערדיגער הויפט־פא־
דערונג — דעם 8 שעה'דיגען ארבייטס־טאג. אין דעם הינזיכט
האט דער אינטערנעהמער־פערבאנד ניט נאכגעגעבען ניט אויף
א האר.

נאך אלעם דעם ווערט דעם דענקענדען ארבייטער קלאהר,
אז די טהעטיגקייט פון די ארבייטער־פעראיינען אליין איז ניט גענוג
צו פארבעסערען אפילו די עקאנאמישע לאגע פון די ארבייטער.
קודם כל ווערט קלאהר, אז אנ' 8 שעה'דיגער ארבייטס־טאג מוז
ווערען געזעצליך בעשטימט. דערפון אליין קען מען שוין
ארויס דרינגען די נויטווענדיגקייט פון פאליטישען
קאמפף פאר דעם ארבייטער קלאסס, די נויטווענדיגקייט פון א
זעלבסטשטענדיגען ארבייטער־פארטיי.

דיעזע אידעען זענען שוין טיעף אריינגעדרונגען אין די ענגלישע
ארבייטער־פעראיינען. אזוי אויף דעם צוזאמענפאהר פון די פעראיינען
(אין סעפטעמבער 1899 יאהר) איז די פאדערונג וועגען א געזעץ
פון אנ' 8 שעה'דיגען ארבייטס־טאג אנגענומען געווארען מיט א
גרויסער מעהרהייט: 587,000 געגען 171,000 שטימען.*) דער
איינגענער צוזאמענפאהר האט אויך אנגענומען מיט 546 טויזענד
געגען 434 שטימען זעהר א וויכטיגען בעשלוס, וועלכער טראגט
א ריין פאליטישען כאראקטער: „דעם פארלאמענט'ס קאמיטעט",
ד.–ה., דעם שטענדיגען אויספיהרונגס־ארגאן פון דעם פעראיינס צו־
זאמענפאהר, האט מען געגעבען אנ'אויפטראג אריינצוטרעטען אין
פערבינדונג מיט אלע ארבייטער־ארגאניזאציעס מיט דעם ציעל צוזא־
מענצורופען אנ'אלגעמיינעם צוזאמענפאהר פון אלע פארטרעטעהר פון
די כאציאליסטישע ארגאניזאציעס, ארבייטער־פעראיינען, קאנסום־און
פראדוקטיוו־געגאסענשאפטען, וועלכע זאלען אויסארבייטען מיטלען
און וועגען צו ערווייכען א ברייטערען ארבייטער־פארשטאנד אין
קימענדעם פארלאמענט. דאס הייסט, אז די ארבייטער־פעראיינען

*) יעדער דעלעגאט האט אזוי פיל שטימען, וויפיעל מיטגליעדער עס האבען
איהם אויסגעוועהלט.

הויבען אָן צו פערבינדען אַלע פּראָלעטאַרישע קרעפטען אין ענגלאַנד מיט דעם צוועק זיי צו אָרגאַניזירען אויף פּאָליטישען קאַמפּף.

פון דער אַנדער זייט ווייטער, האָט די ערפאַהרונג פון די לעצטע יאָהרען בעוויזען אַז די יעהרליכע צוזאַמענפאָהרען פערזיכערען גאַנץ וועניג די איינהייט אין קאַמפּף אַז עס דעריבער נויטיג אַ שטענדיגע אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון אַלע פעראיינען. מיר וויסען, אַז די ערשטע פּראָבען צו גרינדען אַזאַ אַלגעמיינע אָרגאַ־ניזאַציע איז נאָך פאָרגעקומען אין די 30־ער יאָהרען. דאַמאָלסט האָט דאָס ניט געקענט געלונגען צוליעב דעם אַליין, וואָס די אַל־געמיינע אָרגאַניזאַציעס האָבען נאָך נישט געהאַט אונטער זיך אַ פעסטען פונדאַמענט אין די איינצעלנע שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס. יעצט זענען שוין די איינצעלנע פעראיינען פעסט אַוועקגעשטעלט און זיי נויטיגען זיך שוין אין אַ שטענדיגער פעראייניגטען אָרגאַניזאַציע, כדי צו קענען מיט ערפאָלג פיהרען אַ קאַמפּף מיט די אונטער־נעהמער־פערבאַנדען, וועלכע ווערען אַלע טאָג שטאַרקער. יעצט איז די פעראייניגונגס־אָרגאַניזאַציע אַ אומפערמיידליכער רעזולטאַט פון אַ 50־יאָהריגען וואוקס און אַ 50־יאָהריגען קאַמפּף. די פער־אייניגונג פון די פערבאַנדען אין די איינצעלנע אינדוסטריעלע צווייגען פון גאַנצען לאַנד איז מעהר אָדער וועניגער פערענדיגט, ווי אויך די אָרטיגע פעראייניגונג פון די פערבאַנדען פון פערשיע־דענע אינדוסטריעלע צווייגען אין בעזונדערע גרויסע צענטרען. איצט פערבלייבט נאָר צו בעשאַפען אַ פעראייניגטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל אַרומנעהמען אַלע פעראייניגטע פערבאַנדען פון אַלע פּראָדוקציאָנס־צווייגען.

דעם פונדאַמענט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט מען שוין געלעגט אויף אַ בעזונדערען צוזאַמענפאָהר אין יאַנואַר 1899 יאָהר. אין ערשטען יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט די אַלגעמיינע פעדע־ראַציע פון די אַרבייטער־פעראיינען צוגעצויגען אַן'ערך פון 360 טויזענד פעראיינס־מיטגליעדער, וועלכע האָבען אַריינגעטראָגען אין דער קאַסע פון דער פעדעראַציע אַן'ערך פון 13.000 רובל איינטריטס־געלד. די פעדעראַציע נעהמט פאָרלייפיג אַרום נאָר אַ פיערטעל־חלק פון די $1\frac{1}{2}$ מיליאָן אָרגאַניזירטע ענגלישע אַרבייטער. דאָס איז טאַקע ניט קיין סך, נאָר יעדער אָנפאַנג איז שווער. אַלעם פיהרט צו דער פערשטאַרקונג פון דער פעדעראַציע,

צו דער צוזאַמענשמעלצונג פון אַלע פעראיינען אין איין אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע.

אויף דעם צוזאַמענפאָהר פון דער „אַלגעמיינער פעדעראַציע", וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1900 אין בירמינגהאַם האָבען 50 דעלעגאַטען פאָרגעשטעלט אַן ערך 380 טויזענד אַרבייטער, און די קאַססע פון דער פעדעראַציע האָט שוין פערמאָגט אַן ערך 800 טויזענד רובל.

די טיכטיגסטע און וויכטיגסטע אָנהענגער פון דער פעדעראַציע זענען די פאָרטגעשריטענע עלעמענטען פון די פעראיינען, ווי די גאַז־אַרבייטער און מאַשינבויער. די לעצטע האָבען אין דעם שטרייק פון יאָהר 1897—98 אויף זיך אַליין בעמערקט, אַז די אָבגעזונדערטקייט פון די אַרבייטער פעראיינען בעשווערט דעם קאַמפף געגען די אונטערנעהמער־פערבאַנדען. די גרעסטע שטערונג אויף דעם וועג צו דער פעראייניגונג איז די אָבגעזונדערטקייט פון דעם „אַלטען יוניאָניזם", די אָבגעזונדערטקייט פון די פריווילעגירטע שיכטען פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער. נאָר ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליגע שטערונג. די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע־טעכניק אין ענגלאַנד שטויסט אַלץ מעהר אַרויס די פריווילעגירטע אַרבייט פון די מעהר קינסטליכע אַרבייטער און פערבייט זי מיט דער פשוטער אַרבייט פון די „מאַשין־מענשען"; פון דער אַנדערער זייט, ווייטער, פיהרט די ענטוויקלונג פון דער וועלט־אינדוסטריע אונפערמיידליך צו דער פאָלשטענדיגער פערניכטונג פון ענגלאַנדס פריווילעגירטע לאַגע אויף דעם וועלט־מאַרק. צוליעב דעם ווערט אויך פערניכטעט די גינסטיגע לאַגע פון די מעהר־געלערנטע אַרבייטער־שיכטען אין ענגלישען פראָלעטאַריאַט. דורך אָט די אומשטענדען האָט דער אַלטער יוניאָניזם, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, פערלאָרען זיין פריהערדיגע קראַפט אין דער צייט, ווען דער נייער יוניאָניזם און די סאָציאַליסטישע אידעען פערברייטען זיך אַלץ מעהר אין די רייהען פון די אַרבייטער־פעראיינען. די אייגענע אורזאַכען, וועלכע האָבען אָבגעשוואַכט דעם אַלטען יוניאָניזם, וועלען זיכער ווירקען אויך ווייטער און וועלען אין גאַנצען מציל זיין די ענגלישע אַרבייטער בעוועגונג פון די בורזשואַזע פאָראורטהיילען און צעכען־אָבגעזונדערטקייט פון דער „אַרבייטער־אַריסטאָקראַטיע".

דיִ אויסגעוואַקסענע פעדעראַציִע פון דיִ אַרבּייטער־פעראיינען און דיִ שטרעבונג צו אַ זעלבּסטשטענדיִגען פּאָליִטיִשען קאַמפּף צוזאַמען מיִט דיִ סאָציאַליִסטיִשע אָרגאַניִזאַציִעס — אָט דיִ נייַע ערשייַנונגען פון טרעד־יוניִאָניִזם בּעצייַכענען שוין קלאָהר דעם וועג פון דער ווייַטערער ענטוויִקלונג. דער וועג פיִהרט צו דער פעראייניִגונג פון דעם ענגליִשען פּראָלעטאַריאַט אויף דעם עקאָנאָמיִשען און פּאָליִטיִשען בּאָדען מיִט דעם ציִעל צו פיִהרען אַ בּעוואוסטזיניִגען און אָרגאַניִזיִרטען קאַמפּף פאַר די פאָלע בּעפרייַאונג פון דעם אַרבּייטער־קלאַס פון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער הערשאַפט, פאַר די פערוויִרקליִכונג פון דער סאָציאַליִסטיִשער אָרדנונג.

---

## אִינְהַאלְטְס־פֶערְצֵייכְנִיס.





| | קאָפּ | סענט | פעני | פפעניג | סאנטים |
|---|---|---|---|---|---|
| 2) א. ה. די סאָציאַליסטישע פּראַקציעס אין ציוניזמוס... | 12 | 12 | 6 | 48 | 60 |
| 2) פּאָל לאַפּאַרג. ערינערונגען וועגען קאַרל מאַרקס.. | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| 25) דיקשטיין. פון וואָס איינער לעבט.................. | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| 26) מ. טערמאַן. רעליגיאָן און קלאַסען-געגענזאַצען...... | 15 | 15 | 7½ | 60 | 75 |
| 27) ק. קאוטסקי. אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. | 20 | 20 | 10 | 80 | 1— |
| 28) ב. האָפּמאַנן. פרויען־האַנדעל און פּראָסטיטוציע... | 7 | 7 | 3½ | 28 | 35 |
| 29) ק. קאוטסקי. קלאַסען אינטערעסען.................. | 7 | 7 | 3½ | 28 | 35 |
| 30) י. פראַנקאָ. דער ביורושעט ביי די חיות.......... | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| 31) א. טהון. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד. אין 2 טיילען, יעדע טייל | 30 | 30 | 15 | 120 | 150 |
| 32) ד. פינסקי. אין משוגעים הויז (מאָנאָלאָג). | 3 | 3 | 1½ | 12 | 15 |
| 33) ק. צעטקין. די פרוי און איהר עקאָנאָמישע לאַגע | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| 34) פ. ראָל. די ראָליע פון לומפּען-פּראָלעטאַריאַט אין די רעוואָלוציעס.................. | 3 | 3 | 1½ | 12 | 15 |
| 35) א. מאַקסימאָוו. / ז. קאַצענשטיין. } וועגען אַנאַרכיזם (2 אַרטיקלען) | 9 | 9 | 4½ | 36 | 45 |
| 36) ה. קונאָוו. די גרונד־געדאַנקען פון אַנאַרכיזם...... | 5 | 5 | 2½ | 20 | 25 |
| 37) לנו. די שכירות.............................. | 15 | 15 | 7½ | 60 | 75 |
| 38) די פרייע האַרפּע. אַ זאַמעלבוך פון ליעדער... | 25 | 25 | 12½ | 100 | 125 |
| 39) א. נעמאַנסקי. די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען און זייערע אויפגאַבען. | 15 | 15 | 7½ | 60 | 75 |
| 40) יושקעוויטש. דער הונגער. איבערזעצט פון אַלגין. | 25 | 25 | 12½ | 100 | 125 |
| 41) באָנאַליעפּאָוו. מלחמות און פינאַנסען. איבערזעצט פון רוסיש.................. | 8 | 8 | 4 | 32 | 40 |
| 42) *** פויערים־בעפרייאונג...................... | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| 43) מאַקסים גאָרקי. דריי נייע סקיצען........... | 5 | 5 | 2½ | 20 | 25 |
| 44) גערמאַנוס אויגוסט בעבעל.................. | 5 | 5 | 2½ | 20 | 25 |
| 45) הויפּטמאַן. די וועבער..................... | 15 | 15 | 7½ | 60 | 75 |
| 46) ה. סיעדאַי. די אַרבייטער בעוועגונג אין ענגלאַנד | 30 | 30 | 15 | 120 | 150 |

די אלע דערמאהנטע ביכער זיינען מיט נקודות.